# הענריק ערליך

און

# וויקטאָר אלטער

## געדענק-בוך



אַרויסגעגעבן:

די בונדישע גרופּע

בוענאָס איירעס 1943

# אינהאלט



---

בילדער פון דער אידישער ארבעטער־באַװעגונג אין פּוילן.

# א פּאָר ווערטער

דעם 27-טן פעברואר 1943, איז אָנגעקומען די פינצטערע ידיעה, אַז אין סאָוועט-רוסלאנד זיינען הינגעריכטעט געוואָרן די בונדישע פירער: ה ע נ ר י ק ע ר ל י ך און װ י ק ט אָ ר א ל ט ע ר.

דאָס אומברענגען אומשולדיק די צוויי אידישע סאָציאליסטישע פירער, האָט ארויסגערופן צער, ווייטיק און צאָרן. די אידישע גאס האָט זיך א וויג געטון און גאָר שטארק איז געוועזן די כוואליע פון פראָטעסט קעגן די, וואָס האָבן אומגעבראכט ה. ערליך און וו. אלטער.

אין יענע טעג, האָט די היגע בונדישע גרופּע ארויסגעגעבן א בראָשור און א זאמל-העפט, וואו ס'איז אָפּגעשאצט געוואָרן דאָס לעבן און שאפן פון די אומגעבראכטע. באלד איז אויך געבוירן געוואָרן דער געדאנק ארויסצוגעבן א בוך מיט ה. ערליכס און וו. אלטערס שריפטן.

צוגרייטן דאָס דאָזיקע בוך איז גאָר ניט לייכט אָנגעקומען. די חברים און די בונדישע סימפּאטיזירער אין ב. איירעס, מאָנטעווידעאָ, טשילע, בראזיל א. א. האָבן אָבער געטון אלעס מעגלעכע, אז דאָס בוך זאָל דערשיינען. א באזונדערן דאנק גיבן מיר דעם ח' י. הארט פאר די ביאָגראפישע שטריכן.

דאָס בוך האלט 208 זייטן און איז פארזען מיט 57 בילדער, וואָס נעמען ארום אין מיניאטור כמעט אלע געביטן פון דער בונדישער באוועגונג אין פּוילן, וואו ה. ערליך און וו. אלטער זיינען געוועזן אקטיוו.

ניט אלץ, וואָס ה. ערליך און וו. אלטער האָבן פארעפנטלעכט האָבן מיר דאָ געקאָנט באקומען. די גאנצע „פאָלקסצייטונג" זיינען נישטאָ און אין זיי זיינען דאָך פארעפנטלעכט געוואָרן ה. ערליכס בעסטע ארבעטן. דאָס זעלבע די אלערליי בונדישע צייטשריפטן, וואָס

זיינען דערשינען אין פוילן. וו. אלטערס ביכער זיינען דאָ לגמרי ניט בנמצא. פון די צאָלרייכע אויסגאבעס אין דער פוילישער שפראך, וואו וו. אלטער האָט פארעפנטלעכט פיל וואָגיקע ארבעטען, איז אפילו קיין איין עקזעמפליאר דאָ נישטאָ.

די בילדער האָבן מיר געמוזט רעפראָדוצירן פון אלטע צייטונגען און צייטשריפטן, וואָס חברים האָבן מיטגעבראכט פון פוילן.

די ארטיקלען, וואָס קומען אריין אינם בוך, ווייזן אָבער קלאָר, ווי אזוי ה. ערליך און וו. אלטער האָבן געזען דאָס אידישע לעבן, די אידישע ארבעטערשאפט, די אינטערנאציאָנאלע פראָלעטאריש באַ־וועגונג און וואָס ס׳איז געווען דער ציל פון זייער לעבן און קאמף.

היינט איז די וועלט אין פלאמען, די ארבעטער־באוועגונג צע־בראָכן, אונזערע אלטע היימען חרוב און אונזערע נאָענטסטע אין אייראָפע גייען אָפּ אין בלוט.

דאָס בוך דערמאנט אונז אָבער אין א שטארק דערהויבן אידיש לעבן אין פוילן, א לעבן מיט אן אויסגעשמידטער אידישער ארבעטער־באוועגונג, וואָס האָט געקעמפט פאר רעכט און פרייהייט.

הענריק ערליך און וויקטאָר אלטער.

זייער גרענעצלאָזע טריישאפט צו די אידעאלן און צו דעם קאמף פון ארבעטער־קלאס, זייער מאָראלע ריינקייט און מוטיקייט, זייער שטעלן זיך בראש פון דער סאָציאליסטישער באוועגונג, פון „בונד“, פון די אידישע מאסן אין פוילן; דער קאמף פון ה. ערליך און וו. אלטער פאר נאציאָנאלע רעכט און סאָציאלע באפרייאונג — דאָס אלץ וועט זיין א ביישפיל פאר דור דורות.

מיט ניט געשטילטן צער און מיט דעם ווילן צו ערן דעם אָנדענק פון די אומגעבראכטע בונדישע לערער און פירער: הענריק ערליך און וויקטאָר אלטער, גיבן מיר איבער דאָס בוך אין רשות פון די לייענער.

די בונדישע גרופע.

בוענאָס איירעס, אָקטאָבער 1943.

# העגריק ערליך

## ביאָגראפישע שטריכן

געבוירן אין יאָר 1882 אין לובלין. זיין פאָטער איז אין די יונגערע יאָרן געווען א חסיד, שפּעטער א משכיל און איינער פון די עלטסטע און אָנגעזעענסטע חובבי־ציון. דער יונגער הענריק (הערש וואָלף) האָט געלערנט אין א חדר, און ער האָט אויך באקומען וועלטלעכע בילדונג. צו 14 יאָר איז ער אריין אין מיטל־שול, וואָס ער האָט פארענדיקט מיט דער העכסטער אויסצייכענונג אין יאָר 1902.

זיין רייכע געזעלשאפטלעכע טעטיקייט האָט ערליך אָנגעהויבן,



1941 — 1882

ווען ער איז נאָך געזעסן אויף דער באנק פון מיטל־שול. אלס א שילער פון לעצטן קורס איז ער צוגעשטאנען צו א געהיימער אָרגאניזאציע, וואָס האָט געהאט פאר א ציל אויסצוהאלטן אין אויסלאנד די אידישע סטודענטן, וועלכע האָבן צוליב די צאַרישע אנטיסעמיטישע באגרענע־

צונגען („פּראָצענט-נאָרמע") נישט געקענט אָנקומען אין די רוסישע אוניווערזיטעטן. זומער 1902 איז ער געפֿאָרן קיין מאָסקווע אָנטייל צו נעמען אין א צוזאמענפֿאָר פֿון אָט דער אָרגאניזאציע. נאָכן צוריקקומען האָט ער אָרגאניזירט הינטער ווארשע א קאָנפֿערענץ פֿון די אָפּטיילונגען אויף דער פּוילישער טעריטאָריע. אין יענער צייט איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אלס פֿאָרזיצער פֿון צענטראל-קאָמיטעט פֿון דער אידישער סטודענטן-הילף-אָרגאניזאציע אויפֿן שטח פֿון פּוילן.

דער יונגער בחור האָט באלד איינגעזען, אז זיין ארבעט צו העלפֿן אידישע סטודענטן, קרבנות פֿון צארישן רעזשים, איז נאָר א קליינער טייל פֿון א גרעסערער און ברייטערער אויפֿגאבע: מען מוז ארבעטן פֿאר אלע ליידנדע פֿון אידישן פֿאָלק, פּונקט ווי מען מוז שטיין אין דינסט פֿון דער ג א נ צ ע ר אונטערדריקטער מענטשהייט. דעם בעסטן וועג אויף צו דינען אָט דער טאָפּלטער אויפֿגאבע האָט ער געזען אין אלגעמיינעם אידישן ארבעטער-בונד, וואָס איז פֿאר אים ווי פֿאר טויזנטער אנדערע געווען די פֿארקערפּערונג פֿון די שטרעבונגען פֿון די אידישע מאסן צו נאציאָנאלער און סאָציאלער גאולה.

אזוי דערנענטערט זיך הענריק ערליך צום „בונד", און טרעט אין אים אריין ערב דער ערשטער רעוואָלוציע פֿון 1905.

זיין לעבן אלס רעוואָלוציאָנער האָט זיך נאָך אָנגעהויבן פֿאר זיין פֿאָרמעלן אריינטריט אין „בונד". אין יאָר 1902 איז דער 20-יאָריקער הענריק אָנגעקומען אויפֿן יורידישן פֿאקולטעט פֿון ווארשעווער אוניווערזיטעט. אין זעלבן יאָר איז ער געוואָרן ארעסטירט — און אָנהויב פֿון א קייט ארעסטן, טורמעס, פּראָצעסן און אדמיניסטראטיווע פֿארשיקונגען — 5 מאָל אין צארישן רוסלאנד, 1 מאָל אין דער פּוילישער רעפּובליק און לסוף 2 מאָל אין סאָוועט-רוסלאנד.

ערליכס ערשטער ארעסט איז געשען פֿאר באטייליקן זיך אין א דעמאָנסטראציע אין ווארשעווער שטאָטישן טעאטער, בעת ס'איז געשפּילט געוואָרן אן אנטיסעמיטישע פּיעסע. ער איז דערפֿאר אָפּגעזעסן דריי וואָכן אין טורמע.

דער צווייטער ארעסט איז פֿאָרגעקומען ווינטער 1904, בעת ער האָט זיך באטייליקט אין א דעמאָנסטראטיווער לוויה פֿון א בונדישן טוער, וועלכער איז געשטאָרבן אין טורמע. דאָס מאָל זיינען די קאָנסעקווענצן שווער געווען ערנסטערע. א חוץ דעם וואָס ער איז אָפּגעזעסן 3 חדשים אין תפיסה, האָט מען אים אויך אויסגעשלאָסן פֿון ווארשעווער אוניווערזיטעט.

דער אויסגעשלאָסענער סטודענט נעמט דעם וואנדער-שטעקן און לאָזט זיך אוועק איבער דער וועלט. ער קומט קיין בערלין, וואו ער פֿירט פֿאָרזעצן זיין שטודיום. ער לערנט פּאָליטישע עקאָנאָמיע און סאָציאל-וויסנשאפֿט. אָבער נישט לאנג פֿארבלייבט ער דאָרט. עס ציט אים צוריק אהיים דער רעוואָלוציאָנערער אויפֿברויז פֿון 1905.

## אין קאמף קעגן צאַריזם

נאָך די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין אָקטאָבער 1905 קומט ערליך צוריק קיין ווארשע, וואו ער ווארפט זיך אריין מיט ברען אין דער פּארטיי־ארבעט. ער געהערט צום ווארשעווער קאָלעקטיוו — צום צענטער פון דער בונדישער באוועגונג. ער ארבעט האנט אין האנט מיט זיין פריינט — דעם גלענצנדן יונגן בונדישן פירער בראָניסלאַוו גראָסער. ער העלפט רעדאגירן דעם אונטערערדישן בונדישן אָרגאַן אין דער פּױלישער שפראך „נאַשע האַסלאַ" און טוט אנדערע וויכטיקע ארבעטן. באַזונדערס האָט מען אים איבערגעגעבן אקציעס, אין וועלכע אידישע ארבעטער האָבן זיך נאָענט צונויפגעטראָפן מיט פּוילישע ארבעטער. פון די פארשידענע ארבעטן פון יענער צייט זאָל דאָ דערמאנט ווערן דער קאמף, וואָס ער האָט אָנגעפירט, אז מען זאָל נישט אָפּזאָגן די אידישע ארבעטער פון דער גרויסער פּאפּיראָסן־פאבריק „נאָבלעס".

אין 1906 טראָגט זיך ערליך איבער קיין פּעטערבורג, וואו נעבן דער פּאָליטישער ארבעט פארענדיקט ער זיין שטודיום אין אוניווערזיטעט. אין 1908 קומט ער צוריק קיין ווארשע.

די צאַרישע רעאקציע איז שוין דאן ווידער בעסט געזעסן אין זאָטל. די רעוואָלוציאָנערע כוואַליעס זיינען געפאלן אלץ נידעריקער און נידעריקער. פון די ריזיקע קעמפערישע מחנות זיינען געבליבן קליינע הייפלעך. הענריק ערליך האָט געהערט צו די הייפלעך געטרייע, וועלכע פארלאָזן קיינמאָל נישט די רויטע פאָן. פאָרמעל אן אדוואָקאט — פאקטיש אן אומלעגאלער פּארטיי־טוער און פרייהייט־קעמפער. אויפהאלטן דעם פלאם פון בונט קעגן צאריזם, ראטעווען פון אומקום די איבערגעבליבענע רעשטלעך פון דער ארבעטער־באוועגונג — דערויף האָט ער געווידמעט זיין טאלאנט און זיינע כוחות.

ס'איז אים אָבער נישט באשערט געווען לאנג צו טון אָט די וויכטיקע ארבעט. אין יאָר 1909 ווערט ער ווידער ארעסטירט. נאָכן אָפּזיצן עטלעכע חדשים אין טורמע, ווערט ער אדמיניסטראַטיוו ארויסגעשיקט מחוץ די גרענעצן פון פּוילן. ער נעמט צום צווייטן מאָל דעם וואנדערשטעקן און לעבט א געוויסע צייט אין פּאריז.

אים ציט אָבער צוריק אהין, וואו ער איז אממערסטן נייטיק. ער קומט ווידער קיין רוסלאנד און באזעצט זיך אויף א געוויסער צייט אין טשיטאַ (מזרח סיביר) ביי זיין פריינט בראָניסלאַוו גראָסער. אין געדאנק לעבן זיי אָבער ביידע מיט די אידישע און פּוילישע מאסן, מיט וועלכע זיי האָבן זיך געפילט אזוי הארציק פארבונדן. סוף 1910 קומען זיי צוריק קיין ווארשע און אין א האלב יאָר שפּעטער ווערט שוין קעגן ביידע פארפירט א פּראָצעס פאר געהערן צום „בונד". גראָסער ווערט ארעסטירט, ערליך אנטלויפט — פריער קיין אוקראינע און דערנאָך קיין אויסלאנד.

ערליך האָט אָבער נישט געהערט צו די מענטשן, וועלכע רעפּרע־סיעס קענען ברעכן. ביי דער ערשטער געלעגנהייט איז ער ווידער דאָ אין רוסלאַנד. דאָס מאָל ביי א נייער, באַזונדערס וויכטיקער ארבעט און אויף א נייעם הויכן פּאָסטן. דער 30־יאָריקער ערליך ווערט צוקאָאָפּטירט אין צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" און ווערט באַשטימט אלס בונדישער פאָרשטייער אין דעם העכסטן אָרגאַן פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (מענשעוויקעס) און אין ראַט ביי דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע פון דער פערטער רוסישער דומע (פּאַרלאַמענט).

די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע דעפּוטאַטן איז אויסגעקומען צו פירן א פאַרביטערטן קאַמף קעגן דער רעכטלאָזיקייט פון די אידן, קעגן אלע שרייענדע עוולות, וואָס די צאַרישע רעגירונג און איר אַדמיניסטראַציע זיינען באַגאַנגען לגבי דער יידישער באַפעלקערונג. העכריק ערליך האָט געזאַמלט דעם נייטיקן מאַטעריאַל און געגעבן די סאָציאַליסטישע דע־פּוטאַטן אין רוסישן פּאַרלאַמענט אָנווייזונגען בנוגע אידישע ענינים.

פון 1913 האָט ער צוזאַמען מיט בייניש מיכאַלעוויטש, וואָס איז שפּעטער געווען דער באַליבטער טריבון פון די אידישע מאַסן אין פּוילן, און דוד זאַסלאַווסקי — היינט איינער פון די הויפּט פּובליציסטן פון דער מאָסקווער „פּראַוודאַ" — רעדאַגירט דעם באַוואוסטן בונדישן צענ־טראַל־אָרגאַן אין פּעטערבורג — „די צייט". פון 1912 האָט ער אויך מיטגעאַרבעט אין דער גרויסער רוסישער ראַדיקאַל־דעמאָקראַטישער טאָג־צייטונג „דיען".

זומער 1913 איז ערליך ווידער אַרעסטירט געוואָרן. דאָס מאָל האָט אים די צאַרישע פּאָליציי גענומען אויפן אַלרוסלענדישן צוזאַמענפאָר פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע אין מאָסקווע.

א גרויסע אַקטיוויטעט האָט ער אויך אַרויסגעוויזן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. צוזאַמען מיט אַנדערע חברים האָט ער אַרויסגע־געבן א וואָכנבלאַט אויף רוסיש — „יעווריסקיאַ וויעסטי". צווישן אַנדערן איז ער דאַן אויך געווען אַקטיוו אין דער אַרבעט פון „אָרט".

## בראש פון דער גרויסער רוסלענדער רעוואָלוציע

די שטורמישע כוואַליעס פון דער גרויסער רוסלענדער רעוואָלוציע אין 1917 האָבן באַלד פון ערשטן מאָמענט אָן אַרויסגערוקט ערליכן אויפן סאַמע אויבנאָן. זיין שם אלס אויסגעפּרואווטער רעוואָלוציאָנער און קעמפער קעגן צאַריזם און די ראָל פונם אַלגעמיינעם אידישן אַר־בעטער־בונד אינם אַנטי־צאַרישן פרייהייט־קאַמף זיינען געווען זיין לע־גיטימאַציע צו דער הויפּט־אָנפירונג פון דער רעוואָלוציע.

ער איז גלייך אין ערשטן מאָמענט אַריין אין אויספיר־קאָמיטעט פון אַרבעטער־סאָוועט אין פּעטערבורג, וואָס איז דאַן געווען דער הויפּט־צענטער פון דער רעוואָלוציע. שפּעטער, ווען ס'איז אויסגעטיילט געוואָרן

אן ענגערער אָנפירנדער אָרגאַן — דאָס בירוראָ פון סאָוועט, איז אויך ערליך געוויילט געוואָרן אין זיין צוזאמענשטעל. א הוץ דעם איז ער געווען א מיטגליד פון א רייע וויכטיקע קאָמיסיעס. אויפן פּלענום פון עקזעקוטיוו פלעגט ער אָפט אויסטרעטן מיט רעדעס, באַריכטן און פאָרשלאגן. ער איז אויך געווען דער פארפאסער פון אייניקע דאָקומענטן פון היסטאָרישער באדייטונג. צווישן אנדערן האָט ער אָנגעשריבן די רעזאָלוציע, וואָס דער פּעטערבורגער ארבעטער־ראט האָט אָנגענומען, אז פוילן האָט רעכט אויף זעלבסטשטענדיקייט און אומאָפּהענגיקייט. דעם פאָרשלאג האָט ער אריינגעטראָגן צוזאמען מיטן באוואוסטן באָלשעוויק סאָקאָלאָוו.

אין יוני 1917 איז פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאמענפאָר פון די סאָוועטן פון גאנץ רוסלאנד. ערליך איז דאן אויסגעוויילט געוואָרן אין העכסטן אָרגאן פון דער רעוואָלוציע — אין אלרוסלענדישן צענטראלן עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון די סאָוועטן — דעם אזוי־גערופענעם „ציק". גלייכצייטיק האָט דער אלרוסלענדישער צוזאמענפאָר פון די סאָוועטן אָנפארטרויט ערליכן א ספּעציעלע וויכטיקע מיסיע. ער איז געווען איינער פון די 5 מיטגלידער פון א דעלעגאציע, וואָס איז געשיקט געוואָרן קיין אויסלאנד, כדי צו פארשטענדיקן זיך מיט די ארבעטער־פארטייען וועגן צונויפרופן אן אינטערנאציאָנאלע סאָציאליסטישע שלום־קאָנפערענץ. די דעלעגאציע האָט באזוכט שוועדן, נאָרוועגיע, ענגלאנד, פראנקרייך און איטאליע, וואו זי האָט איבערגעגעבן דעם הייסן פארלאנג פון די רוסלענדער רעוואָלוציאָנערע ארבעטער און פּויערים, אז מ'זאָל וואָס גיכער דערפירן צו א שלום. ווי גרויס דער צוטרוי פון סאָוועטן־צוזאמענפאָר, און וועלכן עס זיינען געווען פארטראַטן אלע שאַטירונגען פון די רעוואָלוציאָנערע ארבעטער און פּויערים־באוועגונגען, איז געווען צו ערליכן, קען מען זען פון דעם פאקט, וואָס בעת מ'האָט זיך געאַמפּערט וועגן צוזאמענשטעל פון דער דעלעגאציע, איז ער געווען איינער פון. צוויי „אייזערנע קאנדידאַטן", וועגן וועלכע ס'איז נישט געווען קיין שום ספקות.

נאָכן צוריקקומען פון דער שליחות אין אויסלאנד איז ערליך ווייטער געווען טעטיק אויף די פאראנטוואָרטלעכסטע פּאָסטנס פון דער רוסלענדער רעוואָלוציע.

זומער 1918 איז ער געקומען קיין פוילן צוזאמען מיט זיין פרוי (א טאָכטער פון גרעסטן אידישן היסטאָריקער פון אונזער צייט — שמעון דובנאָוו — און אליין א באוואוסטע שרייבערין און סאָציאליסטישע טוערין) און זיינע 2 זין (שפּעטער אקטיווע טוער פון דער אידישער סאָציאליסטישער יוגנט־באוועגונג). ער האָט זיך באזעצט אין ווארשע, וואו ער האָט אריינגעשריבן איינס פון די גלענצנדסטע בלעטער אין דער

געשיכטע פון דער אידישער ארבעטער-באוועגונג און פון פוילישן אידנטום בכלל.

## פירער פון די אידישע ארבעטנדיקע מאַסן אין אומאָפּהענגיקן פוילן

די ערשטע עפנטלעכע טעטיקייט פון ערליכן אין פוילן, וואָס איז אין נאָוועמבער 1918 געוואָרן א זעלבסטשטענדיקע מלוכה, איז געווען אין ווארשעווער ארבעטער-ראט. נאָכן סוף פון דער ערשטער וועלט-מלחמה האָבן, ווי אין א רייע אנדערע אייראָפּעאישע לענדער, אויך אין פוילן זיך געבילדעט ארבעטער-ראטן, וואָס זיינען געוויילט געוואָרן דירעקט דורך די ארבעטער אין די פאבריקן און אונטערנעמונגען. ערליך איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע פירער אין ווארשעווער ארבעטער-ראט און פלעגט אָפט אין נאָמען פון עקזעקוטיוו אָפּגעבן באריכטן אָדער רעפערירן וויכטיקע פראגן.

פון מערץ 1919 אָן פלעגט ער במשך פון 20 יאָר כסדר געוויילט ווערן ביי אלע וואלן אין ווארשעווער שטאָט-ראט. ער איז אויך געוויילט געוואָרן אלס פרנס פון דער ווארשעווער אידישער קהילה.

אין די ערשטע צייטן איז ער געווען דער רעדאקטאָר פון דער בונדישער צייטונג אין דער פוילישער שפראך „גלאָס בונדו" און פון 1921 — רעדאקטאָר פון בונדישן טאָגבלאט „פאָלקסצייטונג".

אויך אין פוילן האָבן אים נישט אויסגעמיטן קיין פארפאָלגונגען. צענדליקער פון זיינע ארטיקלען זיינען קאָנפיסקירט געוואָרן דורך דער צענזור; פיל פון זיינע פאָרלעזונגען זיינען פארבאָטן געוואָרן. אלס רעדאקטאָר פון „גלאָס בונדו" איז ער צוויי מאָל פארמשפּט געוואָרן — צו 6 און 2 חדשים טורמע. פון די פארפאָלגונגען אין אומאָפּהענגיקן פוילן איז באזונדערס כדאי צו דערמאנען זיין ארעסט אין יאָר 1920. דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער סאָוועטיש-פוילישער מלחמה. סאָוועט-רוסלאנד האָט זיך געהאט געווענדט וועגן אָפּשטעלן דעם קריג און צוטרעטן צו שלום-אונטערהאנדלונגען. דער פוילישער מלוכה-שעף פילסודסקי, וועלכער האָט זיך ארומגעטראָגן מיט ווייטגייענדע דעראָבערונגס-פּלענער, האָט נישט געוואָלט הערן פון דעם. דאן איז ערליך ארויסגעטראָטן אין ווארשעווער שטאָט-ראט מיט א מוטיקער און שארפער רעדע פאר אָפּשטעלן די מלחמה קעגן סאָוועט-רוסלאנד. די רעדע האָט ארויסגערופן א שטורם אין פוילישן רעאקציאָנערן לאגער און האָט גורם געווען, אז ערליך זאָל ארעסטירט ווערן אויף דער צייט ביזן סוף פון דער מלחמה. אין דער זעלבער צייט זיינען ארעסטירט געוואָרן צענדליקער אנדערע בונדישע טוער און די אָרגאניזאציעס פון „בונד" אין גאנץ פוילן האָט די רעגירונג פארבאָטן צו עקזיסטירן.

א גלענצנדער אָראטאָר און פובליציסט — שוין אָט די צוויי מעלות

האָבן אים געקענט אוועקשטעלן אין פאָדערגרונט פון פּאָליטישן לעבן. ער האָט אָבער פארמאָגט נאָך א רייע אנדערע וואונדערבארע אייגנשאַפטן. א מענטש מיט א קלוגן פּאָליטישן קאָפּ, וואָס קען יעדן ענין דורכטראַכטן אלזייטיק; א ווארעם הארץ, גרייט יעדן צו העלפן; א געפיל פאר גערעכטיקייט און אן אייבגעווירענע איידלקייט, — איז ער גאָר גיך געוואָרן נישט בלויז א צענטראלע פיגור אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, נאָר אויך דער אנערקענטער פירער פון די ברייטע אידישע מאסן.

אין צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד", אויף די טריבונעס פון שטאָט־ראט און קהילה, אויף אידישע און פּוילישע ארבעטער־צוזאמענפאָרן, אויף גרויסע מאסן־מיטינגען, — אומעטום האָט מען אים געהערט ערנסט און מיט רעספּעקט. די זעלבע באציאונג צו זיך האָט ער געוואונען אויפן פאָרום פון סאָציאליסטישן ארבעטער־אינטערנאציאָנאל, וואו עס זיינען געווען פארטראָטן מיליאָנען אָרגאניזירטע ארבעטער.

ווען ערליך איז זומער 1931 דאָס ערשטע מאָל ארויסגעטראָטן אויף דער טריבונע פון אינטערנאציאָנאל — אויפן קאָנגרעס אין ווין — איז זיין רעדע געווען געווידמעט דעם קאמף קעגן היטלעריזם. ער האָט שארף קריטיקירט די דייטשע ארבעטער־פירער פארוואָס זיי דערשאַצן נישט די גרויסע געפאר פון דער נאַצי־באַוועגונג און נעמען נישט אָן די ריכטיקע קאמפס־מיטלען קעגן איר. היסטאָריש וועט בלייבן דער ווערטער־דועל אויפן ווינער קאָנגרעס צווישן אים, דעם פאָרשטייער פון די אידישע ארבעטער, וועלכער האָט גערופן צו מאָביליזירן אלע כוחות קעגן דער דראָענדער היטלעריסטישער סכנה, און אָטאָ וועלס, דעם פירער פון די דייטשע ארבעטער, וועלכער האָט זיך און אנדערע געוואָלט איינרעדן, אז „דייטשלאנד איז נישט איטאליע".

די אידישע ארבעטער פון ווארשע און לאָדז, לובלין און ביאַליסטאָק און אנדערע שטעט האָבן צענדליקער מאָל געהערט רעדן ערליכן און דאָך פלעגן זיי שטענדיק אויספילן די גרעסטע פארזאמלונגס־זאַלן, ווען ער האָט באדארפט דערשיינען אויף דער רעדנער־טריבונע.

הענריק ערליך איז געווען אין גאנצן אין רשות פון „בונד" און פון דער ארבעטנדיקער אידישער באפעלקערונג, וועמען ער איז שטענדיק געווען גרייט צו דינען און וועמען ער האָט געדינט ביזן לעצטן אָטעם. כמעט טאָג־טעגלעך פלעגט ער שרייבן לייט־ארטיקלען, ארויסטרעטן אויף פארזאמלונגען אָדער אויספירן אנדערע וויכטיקע פארטיי־שליחותן.

אן אדוואָקאט, מיט שאנסן פון א גרויסער פאך־קאריערע, האָט ער וועגן דעם אין גאנצן נישט געטראכט. אדוואָקאטור איז פאר אים געווען בלויז א טייל פון זיין גאנצן פּאָליטישן קאמף, וואָס ער האָט געפירט פאר די רעכט פון די ליידנדע און אונטערדריקטע. אין די געריכט־זאַלן — ווי אין אלע זיינע ארויסטרעטונגען — איז ער שטענדיק געווען אן אומבויגזאמער קעמפער קעגן רעאקציע און אנטיסעמיטיזם, פאר פריי-

הייט אין גערעכטיקייט. ווען ער האָט אָנגעטון די טאָגע פון א פּאַרטיידיקער אין געריכט-זאַל איז עס געווען על פי רוב אין א פּאָליטישן פּראָצעס — פון סאָציאַליסטן, קאָמוניסטן אָדער סתם בירגער.

צוליב זיין אומדערמידלעכן פּאָליטישן קאמף קעגן דער רעאקציע, האָט דער פּוילישער אדוואָקאטן-ראט אים נישט געוואָלט געבן זיין רעכט צו זיין א פולער אדוואָקאט. 10 יאָר האָט ער געמוזט דערפאר ביטער קעמפן. די רעאקציאָנערע פּוילישע אדוואָקאטן האָבן אים באזונדערס נישט געקענט שענקען זיין באַרימטן ארויסטריט אין וואַרשעווער שטאָט-ראט בעת דער פּויליש-סאָוועטישער מלחמה.

פון ערליכס ארויסטרעטונגען אין די פּוילישע געריכטן דאַרף מען דערמאָנען איינִיקע שווערע פּראָצעסן פון קאָמוניסטן, וואו איבער די אָנגעקלאָגטע איז געהאָנגען די געפאַר פון טויט-שטראָף. אזוי למשל, בעת א גרופּע ווייס-רוסישע פּויערים איז געמשפּט געוואָרן אין קאָברין, אלס אָנגעקלאָגטע אין מלוכה-פאַראַט און עס האָט זיי געדראָעט טויט-שטראָף, איז ערליך מצד די קאָמוניסטישע פּאַרטיידיקער ארויסגערופן געוואָרן אלס עקספּערט און ז י י נ ע דערקלערונגען האָבן אין א גרויסער מאָס די אָנגעקלאָגטע געראַטעוועט פון דער תליה.

נישט די אדוואָקאטור, נישט די פּאַרטייאישע טעטיקייט, נישט קיין שום אנדערע ארבעט זיינען זייגען פאַר ערליכן געווען א קוואַל פון גרויסע פאַרדינסטן. זיין הויפּט-הכנסה איז געווען די אָרימע פּענסיע אלס רעדאקטאָר פון דער בונדישער „פאָלקסצייטונג", וואו דער געהאלט פון שעף-רעדאקטאָר איז געווען פיל קלענער, ווי פון א דרוקער-ארבעטער.

אין גאַנץ פּוילן איז זיין רעפּוטאציע געשטאַנען זייער הויך. נישט נאָר ביי אידן. מען האָט גערארפט זען וואס פאַר א וואַרימע אויפנאַמעס מען פלעגט אים מאכן בעת זיינע ארויסטרעטונגען אויף מיטינגען אָדער צוזאמענפאָרן פון פּוילישע ארבעטער. אפילו קאָמוניסטן, בפרט פון אלטן דור, וועלכע האָבן אים נאָך געקענט פון די צאַרישע צייטן, האָבן זיך באצויגן צו אים מיט דער גרעסטער אכטונג, הגם זיי האָבן אים און זיין פּאַרטיי פּאָליטיש ביטער באקעמפט. אין יעדער שטאָט און שטעטל, וואו ער פלעגט קומען, איז דאָס פאַר א גרויסן טייל פון דער אידישער באפעלקערונג געווען א געשעעניש, אן אמתער יום-טוב. דורך און דורך א דעמאָקראטישע נאטור, האָט ערליך נישט געזוכט קיינעם אָנצואווארפן זיינע געדאנקען און זיין ווילן. ער האָט בלויז געוואָלט איבערצייגן, געווינען פאַר זיין שטאנדפּונקט. און איז ער אמאָל געווען אין דער מינדערהייט, האָט ער, דער אנערקענטער פירער פון „בונד", געבויגן דעם קאָפּ און לאָיאַל אויסגעפירט דעם ווילן פון דער פּאַרטיי-מערהייט.

אין די שטורמישע צוואַנציק יאָר צווישן די צוויי וועלט-מלחמות, מיט די אומגעהויער קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען און צעגליטע ליידנשאפטן, איז העגריק ערליך געווען דער רואיקער קאפּיטאן, וואָס האָט מיט א קלאָר אויג און זיכערער האַנט געפירט -- צווישן פאַרלייגטע מינעס און אונטערוואסער-פעלזן — די שיף פון די אידישע מאסן אין פּוילן.

# דרייסיק יאָר „בונד“

I

דרייסיק יאָר — דאָס איז אַן אומגעהויערער שפּאַן־וועג נישט נאָר אין לעבן פון אַ יחיד, נאָר אַפילו אין דער געשיכטע פון אַ באַוועגונג. דרייסיק יאָר פּאַרטיי־געשיכטע באַטייט — אַ קייט פון דערגרייכונגען און פעלערן, פון נצחונות און מפּלות; דאָס איז — אַ רעזולטאַט פון שטרעבונגען און קאַמפן נישט פון איין דור, נאָר פון אַ גאַנצע רייע דורות.

און ווער שמועסט — אַזעלכע דרייסיק יאָר, ווי די, וועלכע אונזער פּאַרטיי לאָזט איצט הינטער זיך! מען קאָן אָן אַ גוזמא זאָגן, אַז אַזאַ אינהאַלטסרייכן, אַזאַ שטורמישן פּעריאָד האָט די מאָדערנע מענטשהייט נאָך נישט איבערגעלעבט. טייכן בלוט האָבן פאַרפלייצט די פעלדער פון אייראָפּע. גרויסע מלוכות זיינען אומגעקומען, אַנדערע זיינען אויפגעקומען. הונדערטיאָריקע טראָנען זיינען צעשמעטערט געוואָרן אויף שפּענדלעך. דער פלאַם פון רעוואָלוציע האָט אָנגעצונדן אייראָפּע כמעט פון אַלע פיר עקן, און אירע פייערדיקע צונגען האָבן אַרומגעכאַפּט אומגעהויערע שטיקער פונם ענדלאָזן פאַרשלאָפענעם אַזיע. דער מעכטיקער שטורם־ווינט, וואָס האָט אַ בלאָז געטון איבער דער וועלט, האָט אויף אַ ווײַלע אויפגעהויבן אַ ברעג פון דעם שווערן פאָרהאַנג, וואָס פאַרדעקט פאַר אונזערע אויגן די אומבאַקאַנטע אָבער אויסגעבענקטע צוקונפט. און באַלד האָט זיך אָנגעהויבן דער לײַדנפולער באַרג־אַראָפּ...

צי קאָן זיין אַ בעסערע פייער־פּראָבע פאַר דער לעבנס־פעאיקייט פון אַ פּאַרטיי, פאַר דער ריכטיקייט פון איר פּראָגראַם, פון איר טאַקטיק? וויפיל פּאַרטייען זיינען אין משך פון אָט דער צייט אַנטשטאַנען, וואָס קיינער געדענקט שוין גאָר היינט זייערע נעמען נישט. אַנדערע געפינען זיך כראָניש אין אַ צושטאַנד פון גסיסה. אויף צו שטאַרבן פעלט אויס דער מוט, און לעבן

קענען זיי אויך נישט. און דער „בונד" פייערט היינט זיין דרייסיק־יאָריקן יובילײ, אין סאַמע ברען פון קאָכעדיקער ארבעט און קאַמף אויף די פאַר־שידנאַרטיקסטע געביטן פון פּראָלעטארישער טעטיקייט, ארומגערינגלט פון ברויזנדיקע כוואַליעס פון די הונדערטער טויזנטער, וועלכע מיר האָבן אויפ־געוודערט מיט אונזער אויפקלערונגס־ארבעט, און וועלכע ריכטן צו אונז זייערע בליקן פיל מיט האָפנונג און דערוואַרטונג!

* * *

ווען מיר פּרואוון היינט, אין אָקטאָבער 1927, זיך אומקוקן אויף דעם לאַנגן און שווערן וועג, וואָס טיילט אונז אָפּ פון יענעם רויטן באַגינען; ווען מיר פּרואוון אדורכלויפן אין געדאַנק אָט די אַלע רום־ און ליידנפולע עטאַפּן פון דער אידישער ארבעטער־באַוועגונג ביז צו יענער געהיימניספולער פאַר־זאַמלונג אין איינעם פון די ווילנער בוידים־שטיבלעך, וואו ס'זיינען געלייגט געוואָרן די אָרגאַניזאַציאָנעלע ווינקל שטיינער פון אונזער פּאַרטיי, — קומט עס אויס ממש אומגלויבלעך, אז פון יענער לעגענדאַרער, כמעט ווי פאַרהיס־טאָרישער צייט ביז דעם היינטיקן טאָג זיינען פאַרביי נישט מער, ווי דרייסיק יאָר!

לאָמיר זיך דערמאַנען יענע צייט פון באַגינען.

איבער רוסלאַנד האָט געהערשט איינער פון די ברוטאַלסטע, איינער פון די גרויזאַמסטע צאַרן — אַלעקסאַנדער דער דריטער, און ס'איז אינם צאַרן־לאַנד געווען שטיל, אזוי ווי אויף אַ בית־עולם.

די קאָלאָסאַלע פיל־מיליאָניקע פּויערים־מאַסע איז געווען באַפרייט פון פאָרמעלער שקלאַפעריי, פון לייב־אייגנטום. אָבער זי איז געווען „פרײ" נישט נאָר פון דער יורידישער אויבערמאַכט פון פּריץ, נאָר אויך פון — ערד, פון פּראָדוקציע־מיטלען, און דעריבער איז זי פּאַקטיש געבליבן אין מאַטע־ריעלער אָפּהענגיקייט פון פּריץ. די פּויערים־מאַסע האָט געלעבט אין טיפער אָרימקייט און נויט. אָבער די צארישע און פּריצישע משׂ־תים האָבן מער, ווי פאַר די געפערלעכסטע מגפות, געהיט דעם פּויער פאַר יעדן שטראַל פון ליכט, פאַר יעדן פונק פון בילדונג. די פּויערים־מאַסע איז געווען אומוויסנד, פינצטער און עלנט. זי האָט געגלויבט אין „פּאָפּ" און אין דער לייטזעליקייט פונם „גוטן פּאָטערל", דעם צאַר. אויף דעם אומגעהויערן גרויען פּויערשן ים איז — אזוי ווייט ווי דאָס מענטשלעכע אויג טראָגט, — נישט געווען צו זען קיין פונק פון אַ וועלכער נישט איז באַוואוסטזיניקער באַוועגונג, קיין שפּור פון סטיכיייאישן פּראָטעסט.



דאָס הויז אין ווילנע אויף לוקישקעס (טורמע־גאַס), וואו ס'איז אָפּגעהאלטן געוואָרן דער גרינדונגס־צוזאמענפאָר פון „בונד" אין 1897.

אין די שטאָטישע צענטרען האָט דער יונגער רוסישער קאַפּיטאַליזם שוין געהאט צונויפגעזאמלט גרעסערע מחנות לוין־ארבעטער. דאָס רוב פון די דאָזיקע פּראָלעטאריער האָבן נאָך נישט אָנגעוואוירן אינגאנצן דעם צוזאמענבונד מיטן דאָרף, פון וואנען די נויט האָט זיי געטריבן אין די שטאָטישע פאבריקן. דאָס איז געווען א רויע, אומבאוואוסטזיניקע מאסע, הימל־ווייט פון יעטווערן באגריף וועגן קלאסן־קאמף, וועגן עקאָנאָמישן און ווער שמועסט שוין — פּאָליטישן קאמף. פון צייט צו צייט, אלס פּראָטעסט קעגן דער אומברחמנותדיקער עקספּלואטאציע, פלעגט אויסברעכן אין דעם אָדער יענעם גרויסן אינדוסטריעלן צענטער אַן עקאָנאָמישער שטרייק. אָבער דאָס זיינען געווען סטיכייאישע „ארבעטער־אומרוען" און „בונטן" און נישט — אויסדרוקן פון עקאָנאָמישן קאמף אין אמתן זין פון וואָרט. אין ערגעץ, אויפן גאנצן שטח פון אינדוסטריעלן רוסלאנד איז נישט געווען קיין שפּור פון א וועלכער נישט איז אָרגאניזאציע. צו דער גראָער ארבעטער־מאסע איז אפילו נישט דערגאנגען קיין איין קלאנג פון די אָנגעשטרענגטע קאמפן, וועלכע ס'האָט שוין צו יענער צייט געפירט דער מערב־אייראָפּעאישער פּראָלעטאריאט.

שטיל און טויט איז געווען אויף דער אויבערפלאך פון דער דעמאָלסטדיקער רוסישער געזעלשאפט. די זעלבסט־הערשאפט האָט, ווי א שווערער

בארג, געדריקט אויף אַלע געביטן פון לעבן. צופרידן און איבערגעגעבן מיט לייב און נשמה דעם צאַריזם זיינען געווען בלויז די הונדערט און דרייסיק טויזנט פּריצים פון לאַנד, די רעאַקציאָנערע ביוראָקראַטן, וואָס איז געווען פלייש פון פלייש און בלוט פון בלוט פון דעם שוואַרצן פּריצים־שטאַנד, און א גאָר דינער שיכט פון דער רוסישער גרויס־בורזשואַזיע, וועלכע האָט פּאַראַזיטיש געלעבט אויפן חשבון פון דער מלוכה. דאָס בירגערטום אַלס קלאַס איז געווען אומצופרידן. אָבער ווייטער פון שטילע ליבעראַלע הלומות זיינען די פּאָליטישע השגות פונם רוסישן בירגערטום נישט געגאַנגען. איר אומצופרידנקייט פלעגט זיך אויסדריקן אַמאָל אין א יובל — אין א זונטערטעניקער פּעטיציע צום צאַר אָדער פון צייט צו צייט — אין א שטילן זיפץ צווישן די שורות פון א שטרענג צענזורירטן אַרטיקל.

די איינציקע קרייזן, וואו ס'האָט געטליעט א פונק פון רעוואָלוציאָנערן געדאַנק, איז געווען — די אינטעליגענץ. דאָרט האָבן געלעבט די גרויסע טראַדיציעס פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע — „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", דאָרט איז ווייטער געשפּונען געוואָרן דער אידעאישער פאָדעם, וואָס איז אַזוי אכזריותדיק איבערגעריסן געוואָרן אָנהויב אכציקער יאָרן.

קיין רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע איז זייט יענער צייט ביז צום סאַמע סוף נײַנציקער יאָרן אין רוסלאַנד נישט געווען. אן אָרגאַניזירטער רעוואָלוציאָנערער קאַמף מיטן צאַריזם איז נאָך דעם אונטערגאַנג פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליא" אויפגענומען געוואָרן אין פּוילן פריער, איידער אין רוסלאַנד. אָבער אין דער אויסלענדישער עמיגראַציע, אין די אינטעליגענטישע קרייזן פון פּעטערבורג, מאָסקווע, קיעוו האָבן עקזיסטירט, אָפּטמאָל — נישט ווייסנדיק גאָר איינע וועגן די צווייטע, באַזונדערע גרופּקעס, קרייזלעך, אין וועלכע ס'האָט זיך ביסלעכווייז קריסטאַליזירט דער סאָציאַליסטישער געדאַנק. פון די דאָזיקע גרופּקעס און קרייזן האָבן זיך געצויגן דינענקע פעדעם צו די אַרבעטער־קוואַרטאַלן. פון די דאָזיקע גרופּקעס און קרייזן האָט זיך פאַרשפּרייט פון צייט צו צייט דאָס אומלעגאַלע פרייע וואָרט. די פעדעם פלעגן זיך כסדר רייסן, דאָס פרייע וואָרט פלעגט דערשטיקט ווערן דורך דער שווערער פויסט פון צאַרישן זשאַנדאַרם, אָבער באַלד פלעגן אויפשטיין נייע גרופּקעס און טון די זעלביקע אַרבעט. א לאַנגע צייט זיינען דאָס געווען די איינציקע פייערלעך אין דעם גרויסן און פינצטערן מדבר פון צאַרישן רוסלאַנד.

אַזוי האָט אויסגעזען דאָס בילד פון רוסישן לעבן. און דאָס אידישע?

אריינגעקוועטשט אינם סדום־בעטל פון אידישן „תחום", ארומגערינגלט מיט א הויכער מויער פון כלערליי באגרענצונגען, מיטן שטעכיקן דראָט פון „קראָמיע יעווריעיעוו" און מיטן עירוב פון הונדערטער רעליגיעזע פארבאָטן, האָט זיך די אידישע מאסע געשטיקט אין די ד' אַמות פון אביונותדיקן שטעטל. לופט־פרנסות זיינען געווען דער קוואל פון חיונה פאר א גרויסן טייל אידישער באפעלקערונג. דלות, האלב־הונגעריקע עקזיסטענץ — דאָס איז געווען דער גורל פון דער באדייטנדיקער מערהייט. נידערגעשלאָגנקייט, שפלות, שקלאפישע אונטערטעניקייט לגבי יעדן קלענסטן פאָרשטייער פון מלכות, — נאָר יחידי סגולה אין דער דעמאָלסטדיקער אידישער געזעלשאפט זיינען געווען פריי פון די דאָזיקע מידות, וועלכע יאָרהונדערטער פון אונטער־דריקונג האָבן איינגעוואָרצלט אין דער פסיכיק פונם דורכשניטלעכן יחיד.

די קאפיטאליסטישע פראָדוקציע האָט באוויזן דער אידישער מאסע פון תחום איר ערגסטן, איר שרעקלעכסטן פרצוף. די גרויסע מערהייט אידישע ארבעטער איז געווען באשעפטיקט אין דער קליין־אינדוסטרי און הויז־אינדוסטרי. די עקספּלואטאציע איז געווען אומבאשרייבלעך. וועגן א רעגו־לירטער ארבעט־צייט האָט מען אפילו נישט געחלומט. זומער־צייט האָט דער ארבעטס־טאָג געהאט וויניקסטנס א נאטירלעכע גרענעץ. זון־אונטערגאנג. ווינטער האָט מען געארבעט ביז 10 און 11 ביינאכט. דאָנערשטיק און ערב יום־טוב האָט מען געארבעט א גאנצע נאכט. שבת צו נאכטס האָט מען אויך געארבעט.

און פאר אָט דעם ארבעטס־טאָג אָן א ברעג האָט מען באקומען א שווי־דערהאפטן לוין, א לוין, ביי וועלכן די ארבעטער־פאמיליע איז געווען אָנגע־וויזן אויף באלעבאטישער צדקה! דער 16־ און 18 שעהדיקער ארבעטס־טאָג האָט נאָך נישט פארזיכערט דעם ארבעטער די מעגלעכקייט צו שטעלן א מחיצה צווישן זיך און דעם שנאָרער.

אז די באהאנדלונג פון ארבעטער איז געווען א גראָבע, און אומדער־טרעגלעכע, — דאָס איז איבעריק צו זאָגן. דער באלעבאָס זאָל א קלאפּ טון דעם ארבעטער, — דאָס האָט געהערט צו די פשוטסטע זאכן.

וועגן א וועלכן נישט איז ס ט י כ י י א י ש ן מאסן־פראָטעסט קעגן אָט דער שוידערהאפטער עקספּלואטאציע האָט ביי די ארבעטס־באדינגונגען פון יענער צייט קיין רייד נישט געקאָנט זיין. די ארבעטער זיינען געווען אזוי ווי צעשאָטענער זאמד. ווארשטאטן מיט עטלעכע ארבעטער האָבן שוין אויך געהערט צו די זעלטנהייטן. פּאָליטישע פראגן זיינען אוודאי קיינעם אין קאָפּ נישט געקראָכן.

# דער ערשטער צענטראל־קאָמיטעט פון „בונד“



ארקאדי קרעמער



וו. קאָסאָווסקי



א. מוטניק

די צאַרישע זשאַנדאַרמען זיינען געווען אַזוי זיכער, אַז פון דער זייט, מצד די אידישע אַרבעטער קאָן זיי קיין שום סכנה נישט דראָען, אַז אַ לאַנגע צייט האָבן זיי זיך אפילו נישט אומגעקוקט דערויף, וואָס טוט זיך אויף דער אידישער אַרבעטער־גאַס.

אויף דער אידישער באַלעבאַטישער גאַס — אוודאי און אוודאי נישט. דער אידישער גביר, וועלכער איז געווען אַזאַ תקיף אַנטקעגן זיין אַרבעטער אין וואַרשטאַט און אַנטקעגן דער אידישער אָרימער מאַסע — אין שול, האָט געציטערט, ווי אַ פיש פאַר יעדן קנעפל. „קנעכט זיינען מיר געווען און קנעכט וועלן מיר בלייבן“ — דאָס איז געווען די פּאָליטישע „וועלט־אָנשויאונג“ פון דעם אידישן באַלעבאָס. אוודאי האָט ער געפילט אויף זיך די לאַסט פון דער אידישער רעכטלאָזיקייט. אין אַ סך הינזיכטן — אפשר נאָכמער איידער דער אָרימאַן. נישט פון אַלע גזרות און באַגרעניצונגען האָט ער זיך געקאָנט אויסקויפן פאַר געלט. אוודאי האָט ער שטילערהייט געהאָפט אויף בעסערע צייטן. אָבער ווייטער פון אַן אסתר המלכה אָדער אַ נייעם מרדכי זיינען זיינע האָפנונגען נישט געגאַנגען.

אַן אינטערעסאַנטע מעשה דערציילט אין זיינע זכרונות („וואָס געווען“) ה' אַ. ליטוואַק, אַ מעשה, וואָס איז אומגעהויער כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם „וועלט־באַנעם“ פון דעם אידישן בירגערטום פון יענער צייט. אין 1895 איז געשטאָרבן צאַר אַלעקסאַנדער דער דריטער און זיין אָרט האָט פאַרנומען צאַר ניקאָלאַי דער צווייטער (און — לעצטער). „די אידישע פּני האָבן אַ לענגערע צייט געהאָפט אויף ישועות פון דעם נייעם מלך חסד. מען האָט דערציילט מעשיות, אַז ער האָט אַ אידישע געליבטע, און זי קערט איבער זיין האַרץ צו גוטן אויף אידן“, אָבער די אידן מוזן דאָך זיין ווערט, מ'זאָל מיט זיי טון חסדים? פאַר פּסח 1895 איז אין ווילנע אין תלמוד תורה פאָרגעקומען אַן אסיפה פון שטאָט־גבאים. „מ'האָט גערעדט וועגן דעם מצב פון אידן און וועגן די אידישע סאָציאַליסטן. ס'הייסט: דער נייער מלכות וואָלט וועלן טון טובות אידן, ווי וועט אָבער זיין, אַז ער וועט זיך דערוויסן, אַז ביי אידן זיינען פאַראַן סאָציאַליסטן, בונטאָווטשיקעס, מורדי במלכות? וועט ער נישט אין כעס ווערן און אָפּקערן זיין האַרץ פון אונז? האָט איינער פאָרגעלייגט, אַז מ'זאָל נישט וואַרטן, ביז די מלוכה וועט זיך דערוויסן פון אונזערע שעד־לעכע עלעמענטן, נאָר מיר זאָלן זיי אַליין איבערגעבן. וועט די רעגירונג זען, אַז מיר זיינען לאָיאַלע כשרע בירגער. אַנדערע ווידער האָבן געזאָגט: וואָס דאַרפן מיר אַליין אָנווייזן אויף אונזערע חטאים? אָן אונז וועט זיך די רע־

גירונג אפשר גאָרנישט דערוויסן פון אונזערע סאָציאַליסטן, און אז מיר וועלן איר עפענען די אויגן, וועט זי אפשר אין כעס ווערן אויף אלע אידן״...

פון דער אסיפה איז גאָרנישט ארויסגעקומען. אָבער ס׳איז קלאָר, אז אין פארגלייך מיט אָט די „בירגער״ זיינען די רוסישע ליבעראלן געווען פלאם־פייערדיקע רעוואָלוציאָנערן.

און ווידער אמאָל: אויך אין דער אידישער, ווי אין דער רוסישער געזעלשאפט, איז די אינטעליגענץ געווען דער איינציקער שיכט, וואו ס׳האָט געטליעט א פונק פון פרייהייטלעכן געדאנק. אָבער בעת די רוסישע אינטעליגענץ איז געווען אן אָרגאנישער טייל פון דער רוסישער געזעלשאפט, איז די אידישע אינטעליגענץ אין איר גרויסער מערהייט געשטאנען ווייט פון דער אידישער מאסע, פונם אידישן לעבן איבערהויפט. זי איז געלאָפן פון דעם דאָזיקן לעבן און אירע פרייהייטלעכע שטרעבונגען האָט זי אויסגעלעבט אין דער רוסישער געזעלשאפט. און די ווינציקע אידישע אינטעליגענטן און האלב־אינטעליגענטן, וואָס האָבן יאָ געוואָלט אָפּגעבן זייערע כוחות דער אידישער מאסע, האָט געפילט צווישן זיך און אָט דער מאסע א שווערע מחוצה.

פריער פאר אלץ, פארשטייט זיך, — די שפּראך. א טייל אידישע אינטעליגענטן־סאָציאַליסטן האָט גאָרנישט געקאָנט קיין אידיש. און אלע צוזאמען זיינען זיי געווען טיף איבערציינגט, אז אידיש איז קיין שפּראך נישט און וועט נישט זיין קיין שפּראך, אז וועגן דער מעגלעכקייט פון א וועלכע נישט איז מאָדערנער נאציאָנאל־אידישער קולטור איז גאָר לעכערלעך צו רעדן. בלית ברירה, אזוי ווי די מאסע האָט פּאָרט קיין אנדער שפּראך נישט פאַרשטאנען, זיינען זיי גרייט געווען צייטווייליק צו באנוצן זיך אין דער פּראָפּאגאנדע און אגיטאציע מיט אידיש. אָבער זיי האָבן געקוקט דערויף, ווי אויף אן אָנשיקעניש. ווי אויף א צרה, פון וועלכער מ׳דארף וואָס גיכער באפרייען סיי זיך, סיי די מאסע, ווי אויף א שווערער מניעה, וועלכע דארף וואָס גיכער באזייטיקט ווערן.

און מ׳מוז מודה זיין, אז די לאגע פון די ערשטע אידישע פּראָפּאגאנדיסטן און אגיטאטאָרן איז געווען א טראגישע: נישט קיין מאָדערנע בעלעטריסטיק, נישט קיין וויסנשאפטלעך בוך, נישט קיין ווערטער אויף אויסצודריקן דעם ים נייע באגריפן. די סאָציאַליסטישע פּראָפּאגאנדע און אגיטאציע אויף אידיש האָט מען געמוזט אָנהויבן אין דער שפּראך פון צאינה וראינה.

# ערשטע פירער און טוער פון „בונד"



נח



דזשאָן מיל



איסאַי אייזנשטאַט (יודין)



א. ליטוואַק



הלל בלום



ד"ר פ. אַנ־מאַן - ראָזנטאַל



יצחק פּייסאַכזאָן
(„אַלטער באַקאַנטער")



בייניש מיכאַלעוויטש



מ. ליבער



ר. אבראמאָוויטש



וו. מעדעם



וויקטאָר שולמאן



ווירגילי קאַהאַן



פּ. קורסקי (פראַנץ שמידט)



בראָניסלאַוו גראָסער

II

אין אָט דער פארשימלטער, מיט אלטע שמות פארשאָטענער, פיזיש און גייסטיק פארשקלאפטער אידישער סביבה, אין אָט דער אטמאָספער פון אייביקן פחד און גרענעצלאָזער הכנעה — אין געפאלן דאָס קורצע און געהיימניספולע וואָרט — „בונד", איז אויפגעהויבן געוואָרן די רויטע פאָן פון מרידה. בונט קעגן עקספלואטאציע און ווארשטאט און אפיטרופסות פון פני, בונט קעגן דער אלמעכטיקער זעלבסט־הערשאפט פון צאר, בונט קעגן דער גאנצער היינטיקער וועלט פון אונטערדריקונג!

פון אָט דער איבער הונדערטער ווארשטאטן, בוידים־שטיבלעך און קעלערס צעזייטער און צעשפרייטער שקלאפן־מאסע האָט דער „בונד" גענומען בויען אַ אידישע רעוואָלוציאָנערע פראָלעטארישע ארמיי.

מ'דארף זיך קאָנען פאָרשטעלן, וואָס פאר א טיטאנישע ארבעט דאָס איז געווען. דעם רוסישן, דעם פוילישן ארבעטער האָט געלערנט קלאסן קאמף זיין ווארשטאט אליין. שוין די פיר ווענט פון דער פאבריק האָבן אים פאראייניקט מיט זיינע קלאסן־חברים און אָפגעטיילט פון דער באלעבאטישער וועלט. די פיר ווענט פון פאבריק האָבן אים אָרגאניזירט אפילו אָן דער הילף פון אגיטאטאָר. דער געזאנג פון דער מאשין און פון די לעדערנע רימענס האָט אים רעוואָלוציאָניזירט. א פונק, — און ס'האָט געקאָנט אויפפלאקערן א פייער.

דער אידישער ארבעטער האָט זיין ארבעטס־טאָג מייסטנס פארבראכט אין דער געזעלשאפט פונם באלעבאָס אָדער ביי זיך אין שטוב. דער איינציקער אָרט, וואו ער פלעגט זיך צונויפטרעפן מיט זיינע קלאסן־חברים, איז געווען דער שול־הויף, די שול. אָבער די זעלביקע שול האָט אים ווידעראמאָל „פאראייניקט" מיט זיין באלעבאָס, וועלכער איז אויך דאָ געווען דער תקיף. נישט געווען קיין אָרט, וואו דער ארבעטער זאָל זיך קאָנען פילן פריי פון דער אפיטרופסות פון באלעבאָס.

דער רוסישער ארבעטער איז נישט געווען באלאָדן מיט קיין אידעאָלאָגיע פון „נאציאָנאלער אחדות". וועגן נאציאָנאלער אונטערדריקונג, וועלכע וואָלט אים פאראייניקט אונטער איין פרעס מיטן באלעבאָס, האָט ער נישט געוואוסט. פריער פאר דער פּאָליטישער אונטערדריקונג האָט ער דערשפירט די עקאָנאָמישע עקספּלואטאציע, וועלכע האָט אים תיכף אוועקגעשטעלט אין א שארפער קעגנערשאפט צום „נאציאָנאלן" קאפיטאליסט. און ווען דער רוסישער ארבעטער האָט אָנגעהויבן א פּאָליטישן קאמף קעגן צאריזם, וואָס האָט געדריקט אויף אלע שיכטן פון דער געזעלשאפט, איז זיין קלאסן־

פיינטשאפט צום קאפיטאליסט שוין געווען אזוי שטארק און דער חילוק צווישן די פראָלעטאַרישע קאמפּס־מעטאָדן און די קאמפּס־מעטאָדן פון דער בורזשואזיע — אזוי גרויס, אז נישט די רוסישע ליבעראלן און נישט די מע־סיקע פאָרשטייער פון דער רוסל. סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָבן באוויזן צו איבערצייגן דעם ארבעטער, אז ער קאָן גיין „א שטיקל וועג צוזאַמען" מיט דער ליבעראלער בורזשואזיע.

דער פּוילישער ארבעטער האָט יאָ געליטן פון נאציאָנאַלער אונטערדריקונג. אָבער ער האָט געהאט הינטער זיך פּרישע טראדיציעס פון קאמף קעגן צאַריזם, טראַדיציעס, וואָס האָבן אין דער שפּראַך פון פייער און בלוט דער־ציילט וועגן שאַרפע סאָציאַלע קעגנזאצן אין דער פּוילישער געזעלשאַפט, וועגן נידערטרעכטיקן פאַראַט פון דער שליאַכטע.

אין דער אידישער געזעלשאַפט זיינען די באציאונגען געווען נישט אַן ערך ערגער. יאָר־הונדערטן פון רעכטלאָזיקייט און רדיפות האָבן, ווי מיט אַן אייזערנער רייף, ארומגענומען דעם אָרימאַן און גביר און באשאפן די באַ־גריפן פון קאָלעקטיווער פאראנטוואָרטלעכקייט און נאציאָנאַלער אחדות. אָנשטאָט טראדיציעס פון קאמף זיינען געווען טראַדיציעס פון שתדלנות, פון קריכעריי, פון אויסקויפן זיך. דערצו האָבן געטויגט די גבירים און פּני. און דאָס האָט נאָכמער פארשטארקט ביי דער אָרימער מאסע דעם געפיל פון אָפּ־הענגיקייט לגבי די רייכע, דאָס האָט די רייכע געגעבן די מעגלעכקייט נאָכ־מער אויסצונוצן זייער פּריווילעגירטע סאָציאַלע לאגע.

דער „בונד" האָט אויפגעריסן דעם אייזערנעם רייף פון נאציאָנאַלער אחדות, וואָס האָט געשיצט די רייכע און געדריקט אויף די אָרימע, ער האָט ארייגעטראָגן קלאַסן־קאמף אין דער אידישער געזעלשאפט, ער האָט פון אונטן ביז ארויף אויפגערודערט דאָס שטייענדיקע וואסער פון אידישן לעבן, ער האָט זיך עזותדיק פארמאָסטן אויסצוראָמען פון דאָרט דעם דורותדיקן זשאַווער און שימל.

דער „בונד" האָט מיט זיין עקאָנאָמישן קאמף אומגעהויער פארבעסערט די מאַטעריעלע לאגע פון אידישן ארבעטער. ער האָט אים ארויסגעפירט אויפן ברייטן שליאך פון פּאָליטישן לעבן אין לאנד, ער האָט אים באהאָפטן מיט דער אינטערנאציאָנאַלער ארבעטער־משפּחה און געעפנט פאַר אים ווייטע וועלט־האָריזאָנטן.

די באָנטשע שוויַיגס פונם אידישן שטעטל האָט דער „בונד" פאַר־וואנדלט אין א דיסציפּלינירטע מחנה רעוואָלוציאָנערע פּראָלעטאריער, וואָס

האָבן זיך ווי לייבן, געשלאָגן אין די פֿאָדערשטע רייען פֿון דער גרויסער רוסלענדער רעוואָלוציאָנערער ארמיי, וואָס זיינען צוליב זייער דיסציפּלינירטקייט און עקשנות געוואָרן א שם דבר, א מוסטער אין דער סאָציאַליסטישער וועלט. ווען די צארישע רעגירונג האָט געפּרואווט דערשטיקן די רעוואָלוציאָנערע באוועגונג אין בלוט פֿון אידישע פּאָגראָמען, איז עס פֿארן „בונד" געווען א נאטירלעכע זאך צו ענטפֿערן דערויף מיט באוואָפֿנטער זעלבסטשוץ. פּונקט ווי ס'איז פֿארן אידישן בירגערטום געווען נאטירלעך — די נסיעה פֿון טעאָדאָר הערצל צום פּאָגראָמטשיק פּלעווע באלד אויף צומאָרגנס נאָכן קישינעווער פּאָגראָם.

אָבער דער „בונד" האָט ארייננעטראָגן פּאָליטישן באוואוסטזיין נישט נאָר אין די רייען פֿון אידישן פּראָלעטאריאט. דער „בונד" איז געווען די ערשטע פּאָליטישע פּארטיי אויף דער אידישער גאַס. זיינע פּאָליטישע לאָזונגען און קאמפּס-מעטאָדן האָבן ארויסגערופֿן א מהומה אינם אידישן בירגערלעכן לאגער, וואו מ'האָט מורא געהאט, אז צוליב די פּושעים, די בונדיסטן, וועט דאָס מלכות הרילה ווערן אין כעס אויפֿן גאנצן פֿאָלק ישראל. אָבער דער אידישער באלעבאָס האָט זיך שוין מער נישט געקאָנט העלפֿן: ער האָט געציטערט, אָבער ער האָט גע מוזט טראכטן וועגן א רייע „שרעקלעכע" פֿראגן. דער „בונד" האָט אים געצוואונגען צו טראכטן פּאָליטיש, פּונקט ווי ער האָט אים געצוואונגען צו פֿארגעסן וועגן די צייטן פֿון „פּאטריארכאלישער" באציאונג צווישן באלעבאָס און ארבעטער און צו לערנען זיך דרך ארץ צום „שוסטער- און שניידער-יונג".

III

ס'קאָן נישט זיין די אויפֿגאבע פֿון אָט דעם ארטיקל נישט נאָר — צו שרייבן געשיכטע פֿון 30 יאָר „בונד", נאָר אפֿילו צו שילדערן די הויפּטעטאפּן פֿון אונזער פּארטיי-אנטוויקלונג. די צייט פֿון קורצע און ממילא — איבערפֿלעכלעכע היסטאָרישע איבערזיכטן איז שוין פֿארביי פֿאר אונזער פּארטיי. ס'איז די העכסטע צייט צו שרייבן א גרויסע געשיכטע פֿון אונזער באוועגונג. מיר דאָ מוזן זיך באגרענעצן בלויז מיט אייניקע כאראקטעריסטישע שטריכן און סך הכלען.

„בונד" — דאָס איז נישט קיין רעזולטאט פֿון חקירות און פּילפּוליסטיק, דאָס איז די נאטירלעכע געשיכטלעכע פֿאָרם פֿון דער אידישער ארבעטער-באוועגונג. בונדיזם איז אייגנטלעך מיט א צען יאָר עלטער איידער דער „בונד". ווען איר לייענט זכרונות פֿון אידישע סאָציאַליסטן פֿון אָנהויב

# הירש לעקערט



...„ער גייט צום עשאפאָט, צום גורל זיינעם מונטער,
און הערט דעם פסק אין מוט, אין ווירדיקן, אין פעסטן"...
עס האָבן טוויזנטער סאָלדאטסקע פיס געטראָטן, און מיט דער פלאַכער ערד
זיין קבר אויסגעגליכן...

אן אָרעם געטאָ־קינד פון נידעריקסטן נידער,
א לעבן אזוי קורץ, א לעבן אזוי ביטער...
א נקמה־נעמער פארן כבוד דעם פארשוועכטן
פון קלאַס, וואָס איז געווען דער שפלסטער נאָך נעכטן"...
(פון א. ליעסינס ליד „הירש לעקערט").

ניינציקער יאָרן, פילט איר, אַז סאָציאַליסטישע אידעען האָבן זיך דאַן ממש געטראָגן אין דער לופט אויף אַ באַשטימטן, אמת — זייער באַגרענעצטן שטח פון דער אידישער גאַס. איבער די שטעט און שטעטלעך פון תחום האָבן זיך אַרומגעדרייט בחורים און מיידלעך — אַרבעטער, אָרימע ישיבה־בחורים און קינדער פון באַלעבאַטישע הייזער, — און האָבן געזוכט אַ פאַרבינדונג מיט „יענע לייט", מיט עפּעס אַ נייער און געהיימניספולער געדאַנקן־וועלט. ביסלעכווייז האָבן זיך גענומען זאַמלען איינער צום צווייטן די אַטאָמען פון דער קומענדיקער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג. און ווען אין אָקטאָבער 1897 איז זיך צונויפגעקומען דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון „בונד", איז דאָס געווען נישט נאָר אַ גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון אַ פּאַרטיי, נאָר אויך אַ סך הכל פון דעם סטיכייאישן זאַמלונגס־ און קריסטאַליזירונגס־פּראָצעס, וועלכער איז פאָרגעקומען אין משך פון די גאַנצע ניינציקער יאָרן.

די אנטיילנעמער פון ערשטן בונדישן צוזאַמענפאָר זיינען נישט געווען קיין מענטשן פון אַ זייט, וואָס קומען באַגליקן די מאַסע מיט פאַרטיקע רעצעפּטן און געניי אויסגעאַרבעטע פּראָגראַמען. דאָס זיינען געווען מאַרקסיסטן, אַרבעטער און אינטעליגענטן, וואָס האָבן געלעבט צוזאַמען מיט דער מאַסע, צוזאַמען מיט איר געלייגט די גרונט־שטיינער אונטער דעם בנין פון דער פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי און צוזאַמען מיט איר געזוכט די פּאַסיקסטע פאָרמען און אינהאַלט פאַר דעם דאָזיקן בנין. דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון „בונד" האָט נישט פּראָקלאַמירט קיין פאַרטיקע, פאַרענדיקטע נאַציאָנאַלע פּראָגראַם, פּונקט ווי ער האָט נישט פאָרמולירט קיין ענדגילטיקע און קאָנקרעטע לאָזונגען פאַרן אַלגעמיינעם פּאָליטישן קאַמף. נאָר האָפנונגסלאָזע פאַנטאַזיאָרן וואָלטן זיך אונטערגענומען אין יענער אַטמאָספער פון פּאָליטישער טויטשטילקייט צו וואַרפן קאָנקרעטע פּאָליטישע קאַמפס־לאָזונגען. און נאָר קרענקלעכע נאַציאָנאַליסטישע בענקל־קוועטשערס וואָלטן געקאָנט פּראָקלאַמירן אַ פאַרענדיקטע נאַציאָנאַלע פּראָגראַם אין אַ מאָמענט, ווען עס איז נאָך קיין נאַציאָנאַלע מאַסן־באַוועגונג נישט געווען, ווען די אידישע פאָלקס־מאַסן האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן וועקן פון זייער דורות־לאַנגן שלאָף, האָבן זיך ערשט געגרייט שטעלן זייערע ערשטע טריט אויף דער היסטאָרישער אַרענע פון דער נייער צייט.

אָבער צוזאַמען מיטן וואוקס פון דער אידישער מאַסן־באַוועגונג און פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג בכלל, זיינען אַלץ פעסטער און זיכערער געוואָרן די אָרגאַניזאַציאָנעלע פּרינציפּן פון „בונד", איז אַלץ דייטלעכער און קלאָרער אַרויסגעטראָטן זיין נאַציאָנאַלע פּראָגראַם, — די נאַציאָנאַלע פּראָ־

גראָם פון די אידישע ארבעטנדיקע מאסן. די מאסן באוועגונג פון אידישן פראָלעטאריאט האָט צעזייט יענע ספקות וועגן דער אידישער שפּראַך און דער אידישער קולטור, וואָס האָבן געמאַטערט די פּיאָנערן פון דער אידישער סאָציאַליסטישער באוועגונג. דאָס לעבן, די רעוואָלוציע האָבן פּראָקלאַמירט די אידישע פאָלקס־מאסן אלס נאַציע.

אָט די צונויפגעבונדנקייט מיט די מאסן, אָט דער געזונטער, נאַטיר־לעכער, פון אונטן ארויף, צוגאַנג צו אלע פּראָבלעמען פון פּאָליטישן און סאָ־



קלמן קראַפּיווניקאָוו („פּריקאַשטשיק")
דער וואָס שטייט — איינער פון די ערשטע
מאסן־טוער אין ווילנע.

ציאַלן לעבן, — דאָס איז די גרונט־איינגשאַפט פון „בונד", דאָס איז אפשר דער עיקר פון בונדיזם, וועלכן אונזער פּאַרטיי האָט צו פאַרדאַנקען איר גרויסקייט.

און ווען מיר קוקן זיך היינט אום אויף דעם דורכגעמאַכטן וועג, קאָנען מיר זאָגן מיט שטאָלץ: מיר האָבן נישט נאָר אונזער ערנהאַפטן חלק אינם זיג איבער דער בלוטיקער צארישער זעלבסטהערשאַפט, — מיר זיינען ארויס־געגאַנגען אלס זיגער פון די אלע אומענדלעכע אידעאישע קאַמפן, וועלכע מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין אין משך פון די פאַרגאַנגענע 30 יאָר.

קעגן אונזער אָרגאַניזאַציאָנעלן פּרינציפּ, קעגן פּרינציפּ פון אויטאָנאָמיע אין דער לאַנד־פּאַרטיי, האָבן געפירט א פאַרביטערטן קאַמף אונזערע קעגנער אין פּראָלעטאַרישן לאַגער. אין יאָר 1906, אויפן א. ג. פאַרייניקונגס־קאָנגרעס פון דער רוסל. ס. ד. פאַרטיי, האָבן מיר געצוואונגען אונזערע קעגנער צו אנערקענען דעם אויטאָנאָמיסטישן פּרינציפּ, און ביזן סוף פון אונזער זיין אין דער רוסלענדער פּאַרטיי זיינען מיר געבליבן אַן אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע.

אין יאָר 1921 האָט זיך די מערהייט פון רוסלענדער „בונד", אונטער דעם דרוק פון דער קאָמ. פּאַרטיי, אָפּגעזאָגט פון אויטאָנאָמיסטישן פּרינציפּ, און די פריש־געבאַקענע אידישע קאָמוניסטן (יעווסעקעס) האָבן, — ווי דער שטייגער איז, — גענומען מאַכן „אַש און בלאָטע" פונם בונדישן אויטאָנאָמיזם. אָבער ס'זיינען פאַרביי זעקס יאָר צייט פון דער ליקווידאַטאָרישער מינסקער קאָנפערענץ פון רוסלענדער „בונד". און היינט ווייסן מיר, אַז קיין שום דערפאָלג פון אונזער אָרגאַניזאַציאָנעלן פּרינציפּ האָט נישט באַשטע־טיקט אין אַזאַ מאָס זיין ריכטיקייט, ווי דאָס האָט געטון די מינסקער „מפּלה" פון אויטאָנאָמיזם. היינט ווייסן מיר, אַז זייט דעם מאָמענט, ווען ס'איז אָפּגעשאַפט געוואָרן אין ראַטן־פאַרבאַנד די אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע פון אי־דישן פּראָלעטאַריאַט, האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן אין ראַטן־פאַרבאַנד א מאַסן־באַוועגונג פון אידישע אַרבעטער. די אידישע אַרבעטערשאַפט איז דאָרט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מענטשלעכן שטויב, אויף וועלכן ס'האָט א לייטזעליקע השגחה א אידישער פּאַרטיי־באַאַמטער. די אידישע אַרבעטער־מאַסע לעבט נישט אין ראַטן־פאַרבאַנד מיט קיין אָרגאַניזירטן קאָלעקטיוון לעבן, זי באַטייליקט זיך זייער ווייניק אפילו אין דעם באַשרענקטן אינערלעכן פּאַרטיי־לעבן, מיט וועלכן ס'לעבן די רוסישע מיטגלידער פון דער אַלפאַר־באַנדישער קאָמ. פּאַרטיי.

קעגן אונזער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם האָבן געפירט מלחמה גאַנצע מחנות קעגנער און פיינט, פון לינקס, ווי פון רעכטס.

אויף דער אידישער באַלעבאַטישער גאַס האָט זיך דער „בונד" פריער פון אַלץ אָנגעשטויסן אויפן ציוניזם. חובת ציון, ציוניזם, — דאָס איז געווען א אידעאָלאָגיע אַזוי ווי צוגעמאָסטן פאַר אונזער שקלאַפישער, פּחדנישער בורזשואַזיע. דאָס לעבן אונטער דער צאַרישער זעלבסטהערשאַפט איז געווען טרויעריק, אָבער וועגן א בעסערן לעבן האָט מען נישט געוואַגט אפילו חלומען. פון בלויזן וואָרט — „קאַמף" איז ביי דעם באַלעבאָס אַדורכגעגאַנגען א ציטער איבערן לייב. „קנעכט זיינען מיר געווען און קנעכט וועלן מיר

בלייבן", — מיט דעם געדאנק האָט דער אידישער באַלעבאָס שלום געמאכט. נאָר כדי צו געפינען א שטיקל טרייסט, האָט ער צוגעגעבן דאָס וואָרט — „אין גלות". און שטילערהייט האָט ער אזוי מתיקותדיק געחלומט וועגן — ציון. וועמען האָט עס געקאָנט ארן? אפילו דעם „גאָראָדאָוואָי" אויך נישט. אדרבא, — פארוואָס זאָל דער איד נישט חלומען וועגן ציון?

אָבער יאָרן זיינען געקומען און יאָרן זיינען געגאנגען. די כוואַליעס פון רעוואָלוציע האָבן זיך געהויבן אַלץ העכער און העכער און געיאָגט דעם שלאָף פון די אויגן פון די רואיקסטע בירגער. האָבן זיך אויף דער אידישער ארבעטער־גאַס באוויזן פארדביקהטע יונגעלייט, באַלעבאטישע קינדער, וואָס האָבן געפרואווט צושטאנד ברענגען א זיווג צווישן הערצלען און מארקסן. ס'איז אנטשטאנען דער א. ג. „פּראָלעטארישער ציוניזם".

דרייסיק יאָר „בונד" דאָס איז — דרייסיק יאָר אומברחמנותדיקער, פארביטערטער קאַמף קעגן דער שעדלעכער, טיף־רעאקציאָנערער ציוניסטישער אוטאָפּיע אין אַלע אירע שאטירונגען, קעגן דער יאוש־אידעאָלאָגיע, וועלכע שטאמט פון פּחדנות, פון אומווילן צום קאַמף.

היינט פייערט דער בירגערלעכער ציוניזם צוגלייך מיט אונז זיין דרייסיק־יעריקן „יובילײ". ער פייערט אים אָן פאראד, ווייל די „פייערונג" קומט פאָר אויף די חורבות פון דער ציוניסטישער באוועגונג.

און דער „פּראָלעטארישער ציוניזם"? ס'איז גענוג צו דערמאנען זיך אָן די הונדערטער ארטיקלען און בראָשורן וועגן „נישט־פּראָלעטאריזאציע, עמיגראציע, קאָלאָניזאציע און קאָנצענטראציע", אין וועלכע די „פּראָלעטארישע ציוניסטן" האָבן זיך געפּשעטלט קעגן „בונד", און פארגלייכן זיי מיט דער איצטיקער אנטיבונדישער ליטעראטור פון די „איינציקע פאָרשטייער" פון פּראָלעטארישן ציוניזם, וואָס זיינען נאָך פארבליבן אויפן פּלאַץ, — פון פועלי־ציון, — כדי זיך צו איבערצייגן, אז צוזאמען מיטן בירגערלעכן האָט אויסגעהויכט די נשמה אויך דער פּראָלעטארישער ציוניזם.

בלייבן אונזערע קעגנער פון „לינקס", די קאָמוניסטן. מיר האָבן נישט באוויזן זיי צו צווינגען, צו ק ע מ פ ן פאר אונזערע לאָזונגען. אָבער שריט ביי שריט האָבן מיר זיי געצוואונגען אונזערע לאָזונגען א ו י פ צ ו נ ע מ ע ן: רעכט פון דער אידישער שפּראך, א שול פאר די אידישע פאָלקס־מאסן אויף אידיש, רעכט אויף ארבעט פארן אידישן ארבעטער, — דאָס זיינען איינצלנע עטאפּן פון זייער קאפּיטולאציע. און ווען די רוסלענדער יעווסעקעס מאכן היינט היסטערישע קולות, אז מ'מוז אויסוואָרצלען דעם בונדיזם פון די הער־

## דער קאָנגרעס פאר רעכט אויף ארבעט

וואַרשע, 1926



דאָס פּרעזידיום און די פאָרשטייער פון פּראָלעטארישע אָרגאניזאציעס:
1) ב. מיכאלעוויטש (שטייט און רעדט), 2) ה. ערליך, 3) ש. זיגלבוים,
4) וו. אלטער, 5) ע. נאוואגרודסקי, 6) נח, 7) א. זעלמאנאָוויטש, 8) נ.
שערער, 9) אננא ראָזנטאל, 10) פינק, 11) ג. זיבערט, 12) צאלקאָוויטש,
13) רענע היסטער, (אלע בונד). 14) זרובבל, 15) אײדלמאן, (פּ. צ.).
16) צערבע (דייטשער סאָציאליסט), 17) שטשערקאָווסקי (פּ. פּ. ס.).
18) גאנערקא (פאריין פון קאָמונאלע ארבעטער), 19) פּריוב (צענטראל-
קאָמיסיע), 20) סאָכאצקי.

צער און מוחות פון די אידישע ארבעטער, — היינט, זעקס יאָר נאָכדעם, ווי דער „בונד“ איז אין מינסק פייערלעך „געבראַכט געוואָרן צו קבורה!“. — איז עס נישט מער; ווי א מיטל צו פארשרייען דעם פאקט, אז דאָס לעבן צווינגט זיי מיט יעדן טאָג צו רעדן אַלץ מער — „בונדיסטיש“.

ס'וואָלט געווען אוממעגלעך צו פארענדיקן דעם דאָזיקן ארטיקל און נישט דערמאנען וועגן אַן אנדער שטרייט אונזערן מיטן קאָמוניזם, א שטרייט, וואָס האָט געשפּילט אזא אומגעהויערע ראָלע אין די לעצטע יאָרן פון אינ־זער פארטיי־געשיכטע.

מיר האָבן דורכגעלעבט א וועלט־מלחמה און א רייע גרויסע רעוואָלו־ציעס. צוזאמען מיט א גאנצער רייע גרויסע ארבעטער־פארטייען פון מערב־אייראָפּע האָבן מיר זיך אין א געוויסן מאָמענט געפונען אויף דעם סאמע שוועל פון קאָמוניזם. דער געזונטער חוש פון אונזער פארטיי־מאסע האָט אינז אָפּגעהיט פון אריבערטרעטן דעם שוועל. אינם מאָמענט, ווען די קאָמוניס־טישע כוואַליע איז געווען אַמשטארקסטן, איז אפילו צווישן דער דעמאָלסטי־דיקער לינקער מערהייט פון אונזער פארטיי נישט געווען קיין איינער, וואָס זאָל זיך נישט האָבן אָפּגעגעבן א קלאָרע רעכנונג דערפון, אז אריבערטרעטן די שוועל, אז אָננעמען די באדינגונגען פון קאָמינטערן וואָלט באטייט — זעלבסטמאָרד נישט נאָר פארן „בונד“ אלס פארטיי, נאָר פאר דער אידישער ארבעטער־באוועגונג אלס אזעלכער. א חוץ דעם קליינעם הייפל קאָמבונדיסטן, וואָס האָבן פארלאָזן אונזערע רייען, איז פאר יעדן פון אונז געווען קלאָר, ווי דער טאָג, אז אָננעמען די באדינגונגען פון קאָמינטערן וואָלט געהייסן — שטעלן א קרייץ אויף דעם אידישן ארבעטער־קלאס, אלס מיטווירקנדיקן און מיטבאשטימענדיקן פאקטאָר סיי אין אידישן, סיי אין אלגעמיינעם לעבן פון לאנד.

און נישט נאָר דאָס. ווען מיר קוקן זיך היינט אום אויף דער געשיכטע פון אונזער פארטיי־לעבן פאר די לעצטע יאָרן, מוזן מיר פעסטשטעלן, אז מיר זיינען געווען אייניק אין „בונד“ נישט נאָר אין אונזער נעגאטיווער באציאונג צו דער שפּאלטונגס־מאניע פון קאָמוניזם. מיר זיינען געווען און געבליבן אייניק אויך אין אונזער נעגאטיווער באציאונג צו א גאנצער רייע אנדערע וויכטיקע מאָמענטן פון דער קאָמוניסטישער פראקטיק. אויך דאָס איז, לויט אונזער טיפער איבערצייגונג, א רעזולטאט פון דעם רעוואָלוציאָנערן רעאַליזם. וואָס איז אַלע מאָל געווען אזוי כאראקטעריסטיש פארן „בונד“. דער „בונד“ האָט אײַנגעזאַפּט אין זיך אַלדאָס נייע, באמת רעוואָלוציאָנערע, וואָס ס'האָט מיטגעבראכט מיט זיך די נאָכמלחמה־צייט. אָבער מיר זיינען אָפּגעהיט גע־

וואָרן פון די אַלע געפערלעכע פעלערן אָן א צאָל, וועלכע ס׳זיינען באגאנגען און ס׳באגייען ביזן היינטיקן טאָג די קאָמוניסטישע פארטייען. און מיר זיינען פארבליבן גאנץ און אייניק און געשלאָסן.

* * *

מיט דרייסיק יאָר צוריק זיינען מיר ארויף אויף דער ארענע פונם אידישן און אַלגעמיין־פּאָליטישן לעבן אלס קליינע, אומבאדייטנדע גרופּע. היינט זיינען מיר א גרויסע, א שטארקע, א דיסציפּלינירטע פּראָלעטארישע פּארטיי. היינט שטייט אונטער אונזער פּארטיי־פאָן די גרויסע מחנה פּראָפעסיאָנעל אָרגאניזירטע אידישע ארבעטער. היינט זיינען מיר ארומגערינגלט מיט א נעץ ארבעטער־קאָאָפּעראטיוון, אידיש־וועלטלעכע־שולן, אָוונט־קורסן, פאָלקס־אוניווערזיטעטן און אנדערע קולטור־אנשטאלטן. היינט זיינען מיר אין די גרעסטע שטעט פון פּוילן (ווארשע, לאָדז, לובלין) — די שטארקסטע פּארטיי אין דער אידישער געזעלשאפט!

און הינטער אונז שטייט די פּראכטפולע, אויסגעצייכנט אָרגאניזירטע, באגייסטערטע ארמיי פון אונזער צוקונפט, פון אונזער יוגנט.

ביי די באדינגונגען קאָנען מיר מיט בטחון און זיכערקייט קוקן אין דער צוקונפט. דער וועג צום ענד־ציל, צום סאָציאליזם, איז נאָך ווייט און שווער. אָבער א גרויס שטיק וועג האָבן מיר שוין הינטער זיך.

„אונזער צייט", ווארשע, אָקטאָבער 1927.



„מיט די מאסן אין די גאסן",
א מאי־דעמאָנסטראציע פון „בונד"
אין ווארשע.

# די גרויסע רוסלענדער רעוואָלוציע

די רוסלענדער רעוואָלוציע איז — לעבעדיקע, צאַפּלדיקע קעגנוואַרט. אָבער זי איז שוין אויך — א גרויס שטיק געשיכטע. אפילו אין ראַטן־רוסלאַנד גופא איז שוין היינט, — נעבן דעם דור, וואָס האָט דורכגעמאַכט די רעוואָלוציע, — אויפגעקומען א נייער דור, מיט וועלכן מען דאַרף לערנען איר געשיכטע. און אוודאי און אוודאי איז דאָס נויטיק אויסער די גרענעצן פון ראַטן־רוסלאַנד, וואו ס'האָבן זיך געלאָזט הערן בלויז ווייטע אָפּקלאַנגען פון יענעם מעכטיקן שטורם, וואָס האָט זיך געטראָגן פון איין עק רוסלאַנד ביז צום צווייטן און געהאַלטן אין גרעסטער שפּאַנונג די גאַנצע וועלט.

געוויס קאָן עס נישט זיין אפילו אין דער קלענסטער מאָס די אויפגאַבע פון אָט דעם אַרטיקל צו פאַרבייטן א געשיכטע פון דער רוסלענדער רעוואָלוציע. היינט, אין די יובילייאום־טעג פון רוסלענדער נאָוועמבער, איז אָבער צוועקמעסיק נישט נאָר צו געבן אן אלגעמיינע אָפּשאַצונג פון דער נאָוועמבער־רעוואָלוציע, נאָר אויך אומצוקערן זיך צו איר שורש און אזוי קורץ, ווי מעגלעך, צו שילדערן אירע וויכטיקסטע עטאַפּן.

I

די וועלט־מלחמה האָט אויפגעדעקט די גאַנצע צעפוילטקייט פון צאַרישן רעזשים. אבסאָלוטע אומפעאיקייט, פאַרברעכערישע נאַכלעסיקייט, א סיסטעם פון כאַבאַר און גנבות אָן א שיעור, דירעקטער מלוכה־פאַראַט אויף די סאַמע שפּיצן פון מלוכה־אַפּאַראַט, — אָט דאָס האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך די ביוראָקראַטיע. און דער בעסטער סימבאָל פון צאַרישן הויף און זיין גייסטיקער און מאָראַלישער געפאַלנקייט איז געווען דער פינצטערער און אויסגעלאַסענער פויער ראַספּוטין, וועלכער האָט פאַרמאָגט אן אומבאַגרענעצטע מאַכט איבער דעם גאַנצן צאַרישן הויף און די שפּיצן פון דער רוסלענדער אַריסטאָקראַטיע. דאָס איינציקע, אין וואָס ס'האָט זיך נאָך אויסגעדריקט דער

כה פון צאריזם, איז געווען — דער סיסטעם פון אכזריותדיקער אינטערדריי־קונג. לגבי דער אַרבעטער־באַוועגונג און די „אינאָראָדצעס“, פריער פאַר אַלץ — אידן.

צוויי און א האַלב יאָר נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה האָט שוין די קאַטאַסטראָפע געהאַנגען אין דער לופטן. צו די מפלות אויפן פראָנט זיינען צוגעקומען א צערודערונג פונם לעבן אין לאַנד און ברויט־דחקות אין די הויפטשטעט. אפילו די פאַטריאָטיש געשטימטע ליבעראַלע בורזשואַזיע האָט דורך אירע פאַרטרעטער אין פאַרלאַמענט געשטורעמט די רעגירונג. אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן פון די גרויסע שטעט און אין די קאַזאַרמעס איז געוואַקסן די רעוואָלוציאָנערע שטימונג. דעם 12־טן מערץ איז געקומען דער אויסברוך אין פעטראָגראַד.

די צאַרישע זעלבסטהערשאַפט, די דאָזיקע בלוטדורשטיקע חיה, וואָס האָט אין משך פון לאַנגע דורות געוואַרגן די פעלקער פון גרויסן רוסלאַנד, האָט אין איין טאָג אויסגעהויכט איין אָטעם. דאָס הייפל שוואַרץ־מאַהניקעס האָט זיך באַהאַלטן אַזוי ווי מייז אין די לעכער. אַלע איבעריקע קלאַסן, די קאָלאָסאַלע מערהייט פון פאָלק, האָט אויפגענומען די מערץ רעוואָלוציע, ווי אַן אויסלייזונג, ווי אַן אמתן נאַציאָנאַלן יום־טוב.

אַלע קלאַסן האָבן געיובלט. אָבער נישט אַלע האָבן אריינגעלייגט אין דער רעוואָלוציע איין און דעם זעלבן אינהאַלט. די ליבעראַלע בורזשואַזיע האָט געוואָלט זען אין דער רעוואָלוציע א פּראָטעסט קעגן דער שלעכטער מלחמה־פירונג, א משפט איבער דער אומפעאיקייט און פאַראַט פון דער ביוראָקראַטיע. אוודאי זיינען זיי געווען גרייט מסכים צו זיין אויף ווייט־גייענדיקע פּאָליטישע רעפאָרמען, אויף געוויסע סאָציאַלע רעפאָרמען אויך, — א ברירה האָבן זיי געהאַט? — אָבער דאָס אַלץ האָט לויט זייערע באַגריפן באַדאַרפט זיין ערגעץ וואו אויפן צווייטן פּלאַן, שפּעטער, פאַר באַלד אָבער איז זייער לאָזונג געווען — „אַלץ פאַר דער מלחמה“, פאַר דער מלחמה „ביז צום זיגרייכן סוף“. און ווי נאָך דער פירער פון דער ליבעראַלער בורזשואַ־זיע — מיליוקאָוו, איז געוואָרן אויסערן־מיניסטער פון דער ערשטער „צייט־ווייליקער רעגירונג“, האָט ער אין א נאָטע צו די פאַרבינדעטע אין דעם זין טאַקע אויסגעטייטשט די באַדייטונג פון דער מערץ־איבערקערעניש.

און לכתחילה האָט די ליבעראַלע בורזשואַזיע געהאַט אין דער הינזיכט פאַר זיך די שטימונג פון א באַדייטנדיקן טייל פון פעטראָגראַדער גאַרניזאָן און פון א טייל פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג איבערהויפּט. אונטער דעם דרוק פון אָט די דאָזיקע שטימונגען האָט אפילו דער צ. ק. פון דער באָלשעװ־

# תפיסות און קאטאָרגע



א גרופע אנטוילנעמער פון ראמאנאווער " אויפשטאנד אין יאקוטסקער טורמע. מענדל ראָזנפעלד („מענדעלע שטרייקער") פון הרוביעשאָוו גייט אין 1906 א געשמידטער אין קייטן קיין סיביר



נאָכן ארויסגיין פון „פּאוויאק" אין ווארשע. פון רעכטס: עזרא — פאַרשטייער פון צ. ק. אין ווארשעווער קאָמיטעט; אברהם קאסטעלאנסקי; עלי מאטאלסקי — איינער פון די אקטיוויסטע בונדישע טוער, געווען מיטגליד פון ווארשעווער קאָמיטעט פון „בונד"; שמאי ווייסענבלום („קרומקאפּ"), א לאָדזשער וועבער, איינער פון די אקטיוויסטע טוער.

וויסטישער פארטיי אין יענע מערץ־טעג באשלאָסן ארונטערצונעמען דעם לאָזונג — „נידער מיט דער מלחמה“, אלס לאָזונג, וואָס איז „נישט אויף דער צייט“...

אָבער, פארשטייט זיך, אז די דאָזיקע שטימונגען האָבן לאנג נישט גע־קאָנט אָנהאלטן. די רעוואָלוציע איז געווען אן אויסדרוק פון פראָטעסט נישט נאָר קעגן דער צעפוילטקייט פון צאריזם, נאָר אויך קעגן דער מלחמה און קעגן דער אומדערטרעגלעכער לאגע פון די ארבעטנדיקע מאסן. די ארבעטער אין די שטעט האָבן געלעכצט נאָך שלום, און די מיליאָנען ארבעטער און פויערים אין מונדירן, וואָס האָבן זיך געבאָדן אויפן פראָנט אין שמוץ און בלוט, — אוודאי און אוודאי. אפילו ביי די שטאָטישע איז די מלחמה־שטימונג צערונען געוואָרן, ווי רויך, ווי נאָר מען האָט פון זיי פארלאנגט, זיי זאָלן פארלאָזן די שטאָטישע קאָשארן און פאָרן אויפן פראָנט.

די ארבעטער־מאסן, וועלכע זיינען געווען דער אקטיווסטער און באַוואוסטזיניקסטער עלעמענט אין דער רעוואָלוציע, האָבן דערוואַרט פון איר א ממשותדיקע פארבעסערונג פון זייער לאגע. און ביסלעכווייז האָט זיך אויך אָנגעהויבן פאנאנדערוויגן די קאָלאָסאלע פויערישע סטיכיע, וועלכע האָט זיך לכתחילה נישט באטייליקט אין דער רעוואָלוציע. דאָס דאָרף האָט גענומען פאָדערן — שלום און ערד.

אזוי האָט זיך איינגיכן אנטפּלעקט א שארפער קעגנזאץ צווישן דער בורזשואזיע פון איין זייט און דער א. ג. „רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע“ (ארבעטער־קלאס, פויערים, ארמיי) — פון דער צווייטער. און באלד פון די ערשטע טעג פון דער רעוואָלוציע האָט זיך אנטפּלעקט אן אנדער פאקט: אז די בירגערלעכע פארטייען זיינען אבסאָלוט נישט אימשטאנד געווען איינע אליין צו רעגירן אינם רעוואָלוציאָניזירטן לאנד. דאָס לעצטע איז בולט גע־קומען צום אויסדרוק שוין אין אָנהויב מאי 1917, ווען איינער פון די פּע־טערבורגער פולקן האָט צוליב מיליוקאָווס א נאָטע שיעור נישט ארעסטירט די גאנצע צייטווייליקע רעגירונג. די בירגערלעכע פארטייען האָבן זיך דאן געווענדעט צום פּעטערבורגער ראַט מיט אן „אולטימאטום“: אָדער זאָל דער ראַט שיקן אין דער רעגירונג זיינע פארטרעטער און אזוי ארום נעמען אויף זיך די מיטפאראנטוואָרטלעכקייט פאר דער מאכט, אָדער וועלן די בורזשואזע מיניסטאָרן אויך אוועקלייגן זייערע פּאָרטפעלן. דעמאָלט איז עס אנטשטאנען די ערשטע קאָאליציע־רעגירונג מיט קערענסקין אין דער שפּיץ.

דאָס זיינען געווען די פרילינג־טעג פון קאָאליציע־פּאָליטיק אין רעוואָ־לוציאָנערן רוסלאנד און די טעג פון קערענסקיס גרעסטע טריאומפן. די גרויסע



א. ליטוואק, פאָטאָגראפירט דורך זשאנדארמען אין טורמע.



י. זשעלעזניקאָוו אויף קאטאָרגע.



בעת דער קאָנפערענץ פון „בונד" אין בערן (שווייץ), אין יאָר 1906. פון רעכטס צו לינקס: ה. לוריע (אלבערט); אננע ראָזנטאל; ד"ר פ. אנ-מאן-ראָזנטאל. אלע דריי געוועזן באטייליקט אין „ראמאנאווער אויפשטאנד", אין סיביר, און דערפאר פארמשפט געוואָרן צו 12 יאָר קאַטאָרגע. דוד קאַץ („טאַראַס") געוועזן א מיטגליד אין צ. ק. פון „בונד".

מערהייט פון די רוסלענדער פאָלקס־מאסן האָט געגלויבט, אז איצט איז שוין די רעוואָלוציע ארויף אויף איר ריכטיקן וועג, אז פון איצט אָן וועט די רעגירונג מיט דער גאנצער ענערגיע צוטרעטן צו פארענטפערן די פּראָבלעמען, וועלכע די רעוואָלוציע האָט געשטעלט פארן לאנד.

אָבער קאָאליציעס זיינען אפילו אין נאָרמאלע צייטן נישט קיין מיטל אויסצוגלייכן שארפע סאָציאלע קעגנזאצן און אין א צייט פון רעוואָלוציע — ערשט רעכט נישט. די פארטרעטער פון דער בורזשואזיע אין דער רעגירונג האָבן סיסטעמאטיש סאבאָטירט יעדן פּרואוו אדורכצופירן די פּראָגראם פון די ארבעטער־ראטן. די ברענענדיקסטע פאָדערונגען פון טאָג זיינען כסדר אָפּגעלייגט און פארשלעפּט געוואָרן, און אזוי ווי דער מלוכה אפּאראט, די אדמיניסטראציע האָט זיך געפונען הויפּטזעכלעך אין די הענט פון די אָנהענגער פון בירגערטום, זיינען די סאָציאליסטישע מיניסטאָרן פאקטיש געווען — אזוי ווי געפאנגענע אינם בירגערלעכן לאגער.

די באַגייסטערונג פאר קערענסקין און זיין רעגירונג האָט גענומען גיך פארשווינדן. די רעוואָלוציאָנערע סטיכיע האָט געטראָגן דאָס לאנד אויף לינקס. די קלאסן־קעגנזאצן האָבן זיך אומגעהויער צוגעשפּיצט און פארשארפט. און נישט אין א קליינער מאָס האָט דערצו מיטגעהאָלפן די נייע — דורכגעפאלענע — ברוסילאָוו־אָפענסיווע אויפן גאליציאנער פראָנט.

ווען אין יולי 1917 איז זיך אין מאָסקווע צונויפגעקומען די א. ג. מלוכה באראַטונג, אויף וועלכער ס'איז דורך פארשידענע אָרגאניזאציעס געווען פארטראָטן דאָס גאנצע לאנד, האָט זיך באקומען א קלאר און אומצוויידייטיק בילד: אויף איין זייט — די פאראייניקטע בורזשואזיע צוזאמען מיט דער אָנפירערשאפט פון דער ארמיי, און אויף דער צווייטער — דער גאנצער ארבעטער־קלאס, דאָס גאנצע פויערטום און די אומגעהויערע סאָלדאטן מאסע. צווישן די דאָזיקע צוויי לאגערן איז געלעגן אזא טיפער תהום, אז ווען אריבערוואָרפן א וועלכע נישט איז בריק האָט גאָר קיין רייד נישט געקאָנט זיין. פארן לאנד האָט זיך מיט אן אומגעהויערער שארפקייט אוועקגעשטעלט די מאכט־פראגע, און ס'איז יעווען א אוטאָפּיע צו גלויבן, אז זי וועט קאָנען געלייזט ווערן אָן א צוזאמענשטויס צווישן די לאגערן, וועלכע האָבן זיך אָנגעמערקט אויף דער מאָסקווער מלוכה־באראַטונג

די בורזשואזיע האָט דאָס פארשטאנען פריער, איידער די א. ג. „רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראטיע”. דורך דעם בארימטן קאָרנילאָוו־אויפשטאנד האָט זי געוואָלט פארלויפן דעם וועג און לייזן די מאכט־פראגע צו איר גונסטן. זי איז אָבער מיאוס דורכגעפאלן.

# אין דער שווייץ



די ערשטע פון לינקס איז אננע ליפשיץ, געשפּילט א גרויסע ראָלע בעתן „פּאָטיאָמקין"-אויפשטאנד אין אָדעס אין יאָר 1905. די רעוואָלוציאָנערע מאטראָזן האָבן איר גערופן „מוטער גאפּאָן", א שוועסטער פון דער אומגעקומענער אין פּיעטרקאָווער תפיסה, עזא ליפשיץ.

קאָרנילאָווס אויפשטאנד האָט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער קלאָרקייט באַוויזן, אַז די גאַנצע סאָלדאַטן־מאַסע, — וועגן אַרבעטער־קלאַס איז אָפּגערעדט — געפינט זיך אויף דער זייט פון די ראַטן, אַז די ראַטן זיינען דער איינציקער אמתער מאַכט־פאַקטאָר אין לאַנד. קאָרנילאָווס פּרואוו צו „באַפרייען די רעגירונג פון דער אַפּוטרופּסות פון די ראַטן", ד. ה. — פאַקטיש איינצושטעלן אַ בורזשואַזע דיקטאַטור, האָט אויפגעטרייסלט, געשטעלט אויף די פיס די רעוואָלוציאָנערע מאַסן אויפן פראָנט און אין די שטעט.

און אין דער זעלביקער צייט האָבן זיך שוין געלאָזט דייטלעך הערן אין די שטעט אָפּקלאַנגען פון אויפרייסן אין דאָרף. דעם פּויערטום איז דערעסן געוואָרן צו וואַרטן אויף דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, וועלכע האָט געזאָלט לייזן די אַגראַר־פראַגע. דאָס דאָרף האָט אַליין אָנגעהויבן איבערנעמען די ערד ביי די פּריצים. אויפן הימל פון רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד האָט זיך באַוויזן דער אָפּגלאַנץ פון די ברענענדיקע פּריצישע הויפן.

און די פּויערישע מאַסע אין מונדירן, וואָס איז געשטאַנען אויפן פראָנט, האָט נישט געוואָלט לענגער וואַרטן אויפן שלום אין די אָקאָפּעס. דער פראָנט האָט זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערפאַלן. די סאָלדאַטן זיינען מאַסנווייז געלאָפן אַהיים.

דער לאָזונג פון אַ ריין סאָציאַליסטישער רעגירונג, וואָס זאָל זיך מיט דער גאַנצער ענערגיע נעמען פאַרענטפערן די אויפגאַבן, וועלכע די רעוואָלוציע האָט אַרויסגערוקט, האָט געהאָנגען ביי אַלעמען אויף די ליפּן. מען האָט דערוואַרט, אַז אים וועט וואַרפן די „דעמאָקראַטישע באַראַטונג", וואָס איז זיך — אָן דער באַטייליקונג פון די בורזשואַזע אָרגאַניזאַציעס, — צונויפגעקומען סוף אויגוסט אין פּעטראָגראַד. אָבער די באַראַטונג האָט דאָס נישט געטון. זי האָט זיך געענדיקט מיט גאָרנישט. און קעגן דער לאָגיק, קעגן די שרייענדיקע פאַקטן פון דער ווירקלעכקייט איז ווידער צושטאַנד־געקומען אַ קאָאַליציע־רעגירונג, וועלכע האָט גאָרנישט מחדש געווען, וועלכע האָט זיך ווייטער געטאָפּטשעט אויף אַן אָרט.

דער אָפענער צוזאַמענשטויס איז געוואָרן אומפאַרמיידלעך. דאָס לאַנד האָט זיך מיט גיכע שריט דערנענטערט צום נאָוועמבער.

II

מיר האָבן ביז איצט גערעדט אויסשליסלעך וועגן דער אַנטוויקלונג פון די קעגנזאַצן צווישן דער בורזשואַזיע און דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע. אָבער מיר האָבן נאָך נישט דערמאָנט וועגן די לײדנשאַפטלעכע שטרייטן,

וואָס האָבן צעריסן אויף טיילן דעם לאַגער פון דער רעוואָלוציאָנערער דע־
מאָקראַטיע גופא. אויך דאָס איז אומבאַדינגט נויטיק, כדי צו קאָנען פאַרשטיין
דעם רוסלענדער נאָוועמבער און דאָס אַלץ, וואָס ס'איז פאָרגעקומען נאָך אים.

ביי דער גאַנצער פילפאַרביקייט פון פּאַרטייען און ריכטונגען, וואָס
זיינען אַרומגענומען געוואָרן דורכן ברייטן און א היפּש ביסל צעשוואומענעם
באַגריף — „רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע”, האָט מען דאָרט געקאָנט אָנ־
מערקן דריי הויפּט־ריכטונגען.

אויף דעם עקסט־רעכטן פליגל זיינען דאָרט געשטאַנען די א. ג. „אָבאָ־
ראָנצעס”, ד. ה. — אָנהענגער פון וויטערדיקן קאַמף קעגן „פּרייסישן מי־
ליטאַריזם”. צו דעם דאָזיקן לאַגער האָבן געהערט: א טייל פון דער ס.
ר.־אישער פּאַרטיי, דער עקסטרעם־רעכטער פליגל פון דער מענשעוויסטישער
פּאַרטיי און א גאַנצע רייע קליינע גרופּן און פּאַרטייען. (גרופּע „איינהייט”,
„פאָלקס־סאָציאַליסטן” א. א.). צו דעם דאָזיקן לאַגער האָט ליידער געהערט
איינער פון די הויפּט־זיילן פון רוסישן מאַרקסיזם, איינער פון די גלענצנדסטע
טעאָרעטיקער פון דער רוסלענדער אַרבעטער־באַוועגונג, — דער פאַרשטאָר־
בענער געאָרגי פּלעכאַנאָוו.

דאָס איז געווען דער לאַגער פון גוט־באַקאַנטן מערב־אייראָפּעאישן „סאָ־
ציאַל־פּאַטריאָטיזם”. פאַר דער רעוואָלוציע האָט די דאָזיקע ריכטונג נישט
געקאָנט האָבן אין רוסלאַנד קיין איבעריק גרויסע צאָל אָנהענגער. „בורג־
פרידן” מיטן צאַריזם — דאָס איז געווען א מאכל, צו וועלכן מ'האָט באַ־
דאַרפט האָבן ממש אן אייזערנעם מאָגן. אפילו נאָך דעם 12־טן מערץ האָט
די דאָזיקע אידעע נישט באַוויזן צוגעווינען פאַר זיך קיין גרעסערע צאָל אָנ־
הענגער צווישן די רוסלענדער אַרבעטער־ און פּויערים־מאַסן. דערפאַר אָבער
האָט זי פאַרכאַפּט א באַדייטנדיקן טייל פון דער שטאָטישער אינטעליגענץ,
וועלכע האָט נאָך דער מערץ־רעוואָלוציע געשפּילט זייער א גרויסע ראָלע אינם
פּאָליטישן לעבן פון לאַנד. דער דאָזיקער לאַגער האָט, פאַרשטייט זיך, מיט
דער גרעסטער ליידנשאַפט פאַרטיידיקט די נויטיקייט פון „בורג־פרידן”. פון
צוזאַמענאַרבעט מיט דער בורזשואַזיע פאַר יעדן פּרייז.

דער צווייטער לאַגער איז געווען — דער לינקער פליגל פון די ס. ר.־ן
און די גרויסע מערהייט פון דער מענשעוויסטישער פּאַרטיי. זיי זיינען געווען
אין פּרינציפּ — קעגן א צוזאַמענאַרבעט מיט דער בורזשואַזיע. אָבער זיי
האָבן נישט פאַרמאָגט אַליין דעם ווילן צו דער מאַכט, וועלכן ס'האָט געפאָ־
דערט פון זיי די רעוואָלוציע.

זיי האָבן געהאט זייער אייגענע אָפּשאצונג פון די אויפגאבן פון דער רעוואָלוציע און די גרענעצן, וועלכע די געשיכטע האָט איר געשטעלט. די רעוואָלוציע, — האָבן זיי געזאָגט, — דאַרף קודם כל „הרגענען די מלחמה". זי דאַרף איבערגעבן די ערד צו די פּויערים און אָפּשאַפן די לעצטע שפּורן פון פעאָדאַליזם אין דאָרף. די רעוואָלוציע דאַרף דעמאָקראַטיזירן דאָס לאַנד, באַפרייען די אונטערדריקטע פעלקער, דורכפירן ברייטע סאָציאַלע רעפאָרמען פאַרן שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט.

עד כאן. ווייטער, — האָבן געזאָגט די מענשעוויקעס, — קאָן די רעוואָלוציע נישט גיין. געוויס איז זי א „סאָציאַלע רעוואָלוציע" אין דעם זין, וואָס זי ענדערט גרינטלעך די סאָציאַלע כוחות־פאַרהעלטנישן אין לאַנד און ברענגט נייע קלאַסן צו דער מאַכט. אָבער זי איז נישט אימשטאַנד אָפּצושאַפן דעם קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד און איינצופירן א סאָציאַליסטישע אָרדנונג. אין תוך גענומען בלייבט די רעוואָלוציע — א דעמאָקראַטישע.

און דעריבער — האָבן ווייטער געזאָגט די מענשעוויקעס, — איז עס פאַרן ארבעטער־קלאַס געפערלעך איבערצונעמען די מאַכט. ווייל דאַן וועט ער אָדער זיין געצוואונגען צו טרייבן די רעוואָלוציע איבער אירע נאַטירלעכע, היסטאָרישע גרענעצן און — ליידן א מפּלה; אָדער — ער וועט מוזן טון די ארבעט פון אן אנדערן, פון א קעגנערישן קלאַס. די אויפגאבע פון ארבעטער־קלאַס האָט דעריבער, לויט דער מיינונג פון די מענשעוויקעס און לינקן טייל ס. ר.־ן, געדאַרפט באַשטיין דערין — צו שטופּן, צו טרייבן פאָראויס דעם לינקן פליגל פון דער בורזשואַזיע, צו צווינגען די בירגערלעכע דעמאָקראַטיע צו דערפילן די אויפגאבן, וועלכע די געשיכטע האָט איר פאָרגעשריבן.

די דאָזיקע סכעמע איז אפשר געווען גאַנץ ריכטיק, זי האָט אָבער געהאט דעם קאַלאָסאַלן פעלער, וואָס זי איז געווען צו פאַרגליווערט, צו דאָגמאַטיש, צו ווייניק צוגעפּאַסט צו דער ווירקלעכקייט פון 1917, צו דער רוסלענדער רעוואָלוציע מיט אירע אומגעהויער פאַרשאַרפטע סאָציאַלע קעגנזאַצן, מיט א פאַרהעלטניסמעסיק שוואַכער, אָבער קלאַסן־באַוואוסטזיניקער, ארבעטער־פיינטלעכער און אימפּעריאַליסטיש געשטימטער בורזשואַזיע, מיט אן ארבעטער־קלאַס אַלס פאַקטישן פירער פון דער רעוואָלוציע, מיט א קאָלאָסאַלער, הונגעריקער און טויט־מידער אַרמיי, פאַר וועלכער מאַרקסיסטישע סכעמעס זיינען געווען — סתרי תורה.

געוויס איז עס זייער גליַיך, ווען דעמאָקראַטישע רעוואָלוציעס ווערן דורכגעפירט פון דער בירגערלעכער דעמאָקראַטיע, און פאַרן ארבעטער־קלאַס בלייבט די אויפגאבע צו זיין דער באַגרעבער פון דער בורזשואַזער וועלט און

דער בויער פון סאָציאַליזם. אָבער דער ארבעטער־קלאַס און זיין פּארטיי זיינען נישט אימשטאנד צו באשאפן פאר זיך היסטאָרישע לאגעס, נאָר אין יעדער היסטאָרישער לאגע מוזן זיי טון דאָס, וואָס ס'פאָדערט פון זיי דער מאָמענט. און אין די קאָנקרעטע באדינגונגען פון 1917 איז נישט געווען אין רוסלאנד קיין אנדערער כוח, אויסער דעם ארבעטער־קלאַס, וועלכער זאָל זיין אימשטאנד דורכצופירן אפילו די דעמאָקראטישע אויפגאבן פון דער רעוואָלוציע.

באלד נאָך דער מערץ־רעוואָלוציע האָבן די מענשעוויקעס דערקלערט: „אָדער וועט די רעוואָלוציע דערהרגענען די מלחמה, אָדער די מלחמה וועט דערהרגענען די רעוואָלוציע". אָבער די בורזשואזע מיניסטאָרן האָבן ביז צו דער לעצטער מינוט אפילו נישט געוואָלט הערן וועגן אן ערנסטער שלום־פּאָליטיק.

דאָס פּויערטום האָט פון די ערשטע טעג פון דער רעוואָלוציע געפּאָדערט ערד. אָבער די צייטווייליקע רעגירונגען האָבן געהאלטן אין איין אָפּשטופּן די ערד־פראגע ביז צו דער גרינדונגס־פאַרזאמלונג, און דערווייל האָט מען אוועקגעזעצט „77 פּראָפעסאָרן", וועלכע האָבן געארבעט איבער אזא „פּולקאָמענעם" וואל־געזעץ, וואָס די וועלט האָט נאָך אזוינס נישט געזען. די השובע פּראָפעסאָרן האָבן זיך נישט געלאָזט שטערן אין זייער ארבעט אפילו דאן, ווען אין פארשידענע עקן פון רוסלאנד האָבן שוין געפלאקערט פּריצישע הויפן...

דער שטאָטישער פּראָלעטאריאט האָט שטורמיש געפּאָדערט בעסערע לעבנס־ און ארבעטס־באדינגונגען. די ארבעטער־ראטן האָבן געהאט גענוי אויסגעארבעטע פּלענער, ווי אזוי די דאָזיקע פאָדערונגען צו באפרידיקן. אָבער די רעגירונגען האָבן גאָרנישט געטון, כדי די דאָזיקע פּלענער דורכצופירן אין לעבן.

און אזוי אויף יעדן געביט. די בירגערלעכע דעמאָקראטיע האָט זיך נישט געלאָזט „שטופּן". מען האָט זי געקאָנט נאָר באזייטיקן פון דער מאכט. אָבער דערויף האָבן זיך די מענשעוויקעס און ס. ר.־ן נישט געקאָנט אנטשליסן.

דער דריטער לאגער אין די רייען פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראטיע זיינען געווען די באָלשעוויקעס. אין קעגנזאץ צו די מענשעוויקעס, האָט לענין באלד פון זיינע ערשטע ארויסטרעטונגען אין רוסלאנד פארנומען די שטעלונג, אז די רוסלענדער רעוואָלוציע איז — א סאָציאליסטישע רעוואָלוציע און עפנט מיט זיך א תקופה פון סאָציאלע רעוואָלוציעס אויף דער גאנצער וועלט. געווים האָט די פראגע, — צי איז רוסלאנד אָביעקטיוו רייף פאר א סאָציאליסטישער רעוואָלוציע, געמוזט וועקן ביי לענינען שטארקע

ספקות. אָבער אים האָט געהאָלפֿן בייצוקומען די דאָזיקע ספקות די אייגנ־ארטיקע פֿאַרשטעלונג וועגן מאכט און וועגן דעם, וואָס דורך איר קאָן דער־גרייכט ווערן. אויב די מענשעוויקעס האָבן די גאַנצע צייט אָפּגערוקט פֿון זיך די מאכט, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט, אז — נעמענדיק פֿאַר דער צייט די מאכט — קאָנען זיי פֿארגוואלטיקט ווערן פֿון דער געשיכטע, פֿון די אָביעקטיווע באדינגונגען פֿון לאַנד, האָט לענין פֿארקערט געהאט די פֿעסטע איבערצייגונג, אז מיט דער הילף פֿון דער מאכט וועט זיך אים איינגעבן צו ענדערן די אָביעקטיווע באדינגונגען, ביז צו א געוויסן גראד — צו פֿאַר־גוואלטיקן די געשיכטע.

און דעריבער האָבן די באָלשעוויקעס באלד פֿון די ערשטע חדשים פֿון דער רעוואָלוציע מיט אן אומגעהויערער שארפֿקייט אוועקגעשטעלט די מאכט־פֿראגע. שוין אין יוני 1917, אויפֿן ערשטן אלרוסלענדער קאָנגרעס פֿון די ראטן, האָט לענין דערקלערט, אז דער צ. ק. פֿון דער באָלשעוויסטישער פֿארטיי איז איינער אליין גרייט איבערצונעמען די מאכט. און אין משך פֿון דער גאנצער צייט ביז דער נאָוועמבער־רעוואָלוציע האָבן די באָלשעוויקעס מיט אן אומגעהויערן אימפּעט און עקשנות געשטרעבט צו דעם דאָזיקן ציל.

די פּראָלעטאַרישע מאסן האָבן מיט באגייסטערונג אויפֿגענומען די באָלשעוויסטישע לאָזונגען פֿון ראטן־מאכט, פֿון אן ארבעטער־ און פּויערים־רעגירונג, אין וועלכע זיי האָבן געזען נישט נאָר א מעגלעכקייט צו רעאליזירן די לויפֿנדיקע אויפֿגאבן פֿון דער רעוואָלוציע, נאָר אויך — א וועג צו זייער ענדגילטיקער סאָציאלער באפרייאונג. און דער באנקראָט פֿון די קאָאליציע־רעגירונגען האָט געטריבן אין באָלשעוויסטישן לאַגער ברייטע מאסן פֿון פּויערים אין מונדירן און אָן מונדירן. די כוואליעס פֿון דער רעוואָלוציאָנערער סטיכיע זיינען געשטיגן אלץ העכער און העכער און האָבן אויף זייער שפּיץ דערהויבן צו דער מאכט די באָלשעוויסטישע פֿארטיי.

III

די נאָוועמבער־רעוואָלוציע האָט געגעבן דעם לאַנד שלום, זי האָט אָפּ־געווישט פֿון דער אויבערפֿלאַך דעם רעאקציאָנערסטן פֿון אלע קלאסן אין רוסלאַנד, — די פּריצים, און איבערגעגעבן זייער ערד אין די הענט פֿון פּויערטום. די רעוואָלוציע האָט אריבערגעטראָגן אין רשות פֿון דער מלוכה דעם באנקוועזן און א באדייטנדיקן טייל פֿון דער גרויס־אינדוסטריע און אזוי ארום געשאפֿן קעמערלעך פֿון דער קומענדיקער סאָציאליסטישער ווירטשאפֿט אין דער פּריוואט־קאפּיטאליסטישער סיסטעם פֿון לאַנד. מיט איין וואָרט די נאָוועמבער־רעוואָלוציע האָט אין דער פֿולער מאָס פֿארענטפֿערט די אויפֿ־

גאבן, וועלכע ס'זיינען נישט אימשטאנד געווען אָדער נישט געוואָלט פאַרווירקלעכן די „צייטווייליקע רעגירונגען" זייט מערץ ביז נאָוועמבער 1917.

אָבער די פירער פון דער נאָוועמבער-רעוואָלוציע האָבן זיך געשטעלט ווייטערע אויפגאבן. אין סאמע ברען פון קאמף מיטן הונגער און מיט די אינערלעכע און אויסערלעכע קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע כוחות, איז די ראטן-רעגירונג צוגעטראָטן צו פארווירקלעכן דעם סאָציאַליזם אין רוסלאנד. ס'איז נאציאָנאליזירט געוואָרן דער גאנצער שטאָטישער האנדל און די גאנצע אינדוסטריע. די סאָציאַליזירונגס-פראקטיק איז אריבערגעטראָגן געוואָרן אין דאָרף אריין אויך, וואו די ראטן-מאכט האָט מיט דער הילף פון דעקרעטן און מיליטערישע עקספעדיציעס געפרואווט אונטערוואַרפן אונטער דעם שטרענגסטן קאָנטראָל פון דער מלוכה די גאנצע דאָרפישע ווירטשאפט, — סיי די פּראָדוקציע, סיי דעם אויסטויש, סיי דעם פארברויך.

מעגלעך, אז די דאָזיקע תקופה פון „הונדערט-פּראָצענטיקן סאָציאַליזם" איז פארן אקטיווערן טייל פון רוסלענדער פּראָלעטאריאט געווען א קוואַל פון באגייסטערונג, וועלכער האָט אים פּסיכאָלאָגיש פארלייכטערט א בערצו-טראָגן די יסורים פון הונגער און דעם שווערן קאמף קעגן א גאנצער וועלט שונאים. אָבער פאר דער פאָלקס-ווירטשאפט, פאר די ברייטע מאסן פון דער באפעלקערונג און פאר דער ראטן-מאכט אליין האָט דער א. ג. מיליטערישער קאָמוניזם געהאט די שווערסטע רעזולטאטן. די ווירטשאפט פון לאנד, וועלכע האָט זיך שוין אין יאָר 1917 געפונען אין זייער א טרויעריקן צושטאנד, איז כמעט ווי אינגאנצן חרוב געוואָרן, די נויט איז געוואָרן אומגעהויער, און צווישן שטאָט און דאָרף, צווישן דער ראטן-מאכט און דעם פּויערטום האָט זיך אָנגעהויבן פאנאנדערפלאקערן א געפערלעכער קאמף. דאָס פּויערטום האָט זיך אקטיוו, זייער אָפט — מיט באוואָפנטער האנט אנטקעגנגעשטעלט דער סאָציאַליזירונגס-פּאָליטיק אין דאָרף. דער בונד צווישן ארבעטער-קלאס און פּויערטום, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אין פייער פון דער רעוואָלוציע און געמאכט מעגלעך די אנטשטייאונג פון דער קאָמוניסטישער מאכט, האָט געדראָט אויף א בלוטיקן אופן איבערגעריסן צו ווערן. די עקזיסטענץ גופא פון דער ראטן-מאכט איז געשטאנען אין געפאר. דער קראָנשטאטער אויפשטאנד און א רייע קלענערע פּויערישע אויפשטאנדן אין פארשידענע עקן פון לאנד זיינען געווען א בולטער באווייז פון דער דאָזיקער סכנה.

לענין האָט פארשטאנען די וואָרנונג. פארן פּרייז פון איינהאלטן די מאכט איז אין אָנהויב 1921 ליקווידירט געוואָרן דער עקספּערימענט פון „מיליטערישן קאָמוניזם". ס'איז איינגעפירט געוואָרן א נייע עקאָנאָמישע

פּאָליטיק (נעפּ). די ראַטן־מאַכט האָט איינגעהאַלטן אין אירע הענט די א. ג. „קאָמאַנדיר־הויכן" פונם ווירטשאַפטלעכן לעבן, דער קרעדיט־וועזן, דער גרעסטער טייל פון דער גרויס־אינדוסטריע און דער גאַנצער אויסלענדישער האַנדל זיינען פאַרבליבן אין רשות פון דער מלוכה. אָבער גלייכצייטיק איז צוריק געעפנט געוואָרן די טיר פאַר פּריוואַטער איניציאַטיוו אין אינערלעכן האַנדל און אינדוסטריע, און ס'איז אינגאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן די גוואַלט־סאָציאַליזירונג אין דאָרף. די ראַטן־מאַכט האָט געלאָזט צו רו דעם פּויער. פאַרקערט — זי האָט זיך געשטעלט „מיטן פּנים צום דאָרף", ד. ה. — זי האָט זיך געשטעלט פאַר איינער פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן צו זאָרגן דער־פאַר, די שטאָט זאָל באַפרידיקן די באַדערפענישן פון דאָרף, עס זאָל צוריק איינגעשטעלט ווערן דער צוזאַמענבונד צווישן פּויערטום און אַרבעטער־קלאַס („סמיטשקאַ"). די רעוואָלוציע האָט זיך צוריקגעצויגן נענטער צו אירע היסטאָרישע גרענעצן.

דער ווידערשטאַנד פון דער פּויערישער סטיכיע, אויף וועלכער ס'האָט זיך אָנגעשטויסן די ראַטן־מאַכט, האָט אידעאָלאָגיש צוריק געבראַכט די באָל־שעוויקעס צו די טראַדיציאָנעלע מאַרקסיסטישע פּאָזיציעס: ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז סאָציאַליזם קאָן נישט דערגרייכט ווערן אין אַן איינמאָליקע פראָנט אַטאַקע אויף דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג; אַז סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע איז — אַ לאַנגדויעריקער פּראָצעס, און איר דערפאָלג איז אָפּ־הענגיק פון די אָביעקטיווע באַדינגונגען פון לאַנד. נישט — אַדורכפירן דעם סאָציאַליזם, נאָר — „פאַרווירקלעכן אַזוי פיל סאָציאַליזם, וויפיל ס'לאָזט זיך אינגם ים פון דער קליינבירגערלעכער פּויערישער סטיכיע", — אָט דאָס איז געוואָרן דער לאָזונג פון די באָלשעוויקעס.

אָבער די אידעאָלאָגיע פון 1918—20 איז נישט פאַרשוואונדן. ס'איז פאַרבליי דער ראָמאַנטיש־קאָמוניסטישער פּעריאָד פון דער רוסלענדער רעוואָ־לוציע, אָבער עס זיינען פאַרבליבן ראָמאַנטיקער, וואָס ווילן זיך נישט אָפּזאָגן פון דער פריערדיקער אידעאָלאָגיע. און די אינערלעכע סתירות פון דער נייער לאַגע (אַן אַרבעטער־מאַכט, וואָס איז געווענדעט מיטן פּנים צום דאָרף) האָבן געמוזט ליפערן גענוג קריטישן מאַטעריאַל פאַר אַזעלכע ראָמאַנטיקער. אויף דעם באָדן איז עס אַנטשטאַנען די אָפּאָזיציע אין דער קאָמ. פּאַרטיי.

אַנטקעגן דער רעגירנדער מערהייט פון דער רוסל. קאָמ. פּאַרטיי טרעט די אָפּאָזיציע אַרויס אַלס פאַרטיידיקערין פון די אינטערעסן פון שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט. זי האַלט, אַז אין איר ווירטשאַפטלעכער פּאָליטיק רעכנט זיך די ראַטן־רעגירונג מער מיט די אינטערעסן פון פּויער איידער פון אַרבעטער;

די אָפּאָזיציע האַלט, אַז דער ווירטשאַפטלעכער וואוקס פון ראַטן־פאַרבאַנד קומט פאַר הויפּטזעכלעך אויפן חשבון פון אַרבעטער־קלאַס; זי פאָדערט שטאַרקערע באַגרענעצונגען פאַרן וואוקס פון פּריוואַטן קאַפּיטאַל און אַ מער ענערגישע סאָציאַליזירונגס־פּאָליטיק אויפן געביט פון אינערלעכן האַנדל און אינדוסטריע.

מיר ווילן דאָ נישט אַריינגיין אין עצם שטרייט צווישן דער מערהייט פון דער קאָמ. פּאַרטיי און דער אָפּאָזיציע. מיר לאָזן אין אַ זייט די פראַגע, צי און אויף וויפיל איז באַרעכטיקט די קריטיק פון דער אָפּאָזיציע און צי איז דורכפירבאַר די ווירטשאַפטלעכע פּאָליטיק, וועלכע זי רעקאָמענדירט דער ראַטן־מאַכט. איין פאָדערונג פון דער אָפּאָזיציע האַלטן מיר אָבער געוויס פאַר באַרעכטיקט: די פאָדערונג וועגן פרייהייט פון וואָרט, וועגן פרייהייט פון קאַמף פאַר אירע אידעען אין די רייען פון פּראָלעטאַריאַט. די דאָזיקע פאָדערונג שטויסט זיך אָבער אָן אויף דער סיסטעם פון רדיפות קעגן אַלע אַנדערש דענקענדיקע, וועלכע ס'האָט זיך איינגעשטעלט אין ראַטן־רוסלאַנד זייט 1918.

די דאָזיקע סיסטעם, וועלכע האָט אין אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב באַקומען איר אויסדרוק אין דער פּאָליטיק פון שפּאַלטונגען אין די אַרבעטער־רייען, האָבן מיר אַלע מאָל געהאַלטן פאַר שעדלעך. אָבער היינט האָט זי אפילו פון קאָמוניסטישן שטאַנדפּונקט אָנגעוואוירן יעטוועדע באַרעכטיקונג. אַזוי לאַנג, ווי די באָלשעוויסטישע מאַכט האָט גערעכנט, אַז מיט דער הילף פון אַ שטורמישער מיליטערישער אַטאַקע וועט זי איינפירן סאָציאַליזם, האָט מען נאָך געקאָנט פאַרשטיין, ווען זי האָט אויף אַ מיליטערישן אופן באַהאַנדלט די אַלע, וואָס האָבן זיך אינמיטן דער אַטאַקע געפרואווט אוועקשטעלן פירן פרינציפּיעלע דיסקוסיעס. אַזוי לאַנג ווי די קאָמוניסטן האָבן געהאַלטן, אַז גאַנץ אייראָפּע געפינט זיך אין פייער פון אוממיטלבאַרע סאָציאַלע רעוואָלוציעס און אַז פאַרן דערפאָלג פון דער רעוואָלוציע איז פריער פאַר אַלץ נויטיק — אַ גוט אָרגאַניזירטער און שטרענג דיסציפּלינירטער פּאַרטיי־אַפּאַראַט, — האָט מען נאָך געקאָנט באַגרייפן דעם זין פון דער שפּאַלטונגס־פּאָליטיק. אָבער היינט? היינט איז שוין באַשיינפערלעך קלאָר, אַז אויסער שאָדן האָט די דאָזיקע פּאָליטיק קיין שום זאַך נישט געבראַכט.

שאָדן נישט נאָר פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג, נאָר פאַר ראַטן־רוסלאַנד אַליין. די דאָזיקע פּאָליטיק שוואַכט אָפּ די אינערלעכע ווידערשטאַנדס־פעאיקייט פונם רוסלענדער פּראָלעטאַריאַט, זי פאַרמינערט די אינטערנאַציאָנאַלע כוחות, וואָס זיינען מסוגל צו שיצן די רוסלענדער רעוואָלוציע קעגן אַלע אויסערלעכע געפאַרן.

די רוסלענדער רעוואָלוציע האָט ארויסגערופן אן אומגעהויערע באגייסטערונג ביי די ארבעטער־מאסן פון דער גאנצער וועלט. דערצו האָט מען חלוטין נישט באדארפט האָבן די נאיווע און שעדלעכע אילוזיעס וועגן ראטן־רוסלאנד, וועלכע ס'פארשפרייטן סיסטעמאטיש די קאָמ. פארטייען. דער פאקט גופא, וואָס אין דער שפיץ פון איינער פון די גרעסטע וועלט־מלוכות האָט זיך צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע געשטעלט אן ארבעטער־פארטיי, האָט ארויסגערופן א געפיל פון פרייד און שטאָלץ ביי דעם אינטערנאציאָנאלן פראָלעטאריאט, וועלכער האָט זיך מיט א פארכאפּטן אָטעם צוגעקוקט צו דעם העראָישן געראנגל פון רוסלענדער ארבעטער־קלאס און איז גרייט געווען צו געבן אים יעטוועדע אונטערשטיצונג. ער איז עס גרייט צו טון אויך היינט. ווייל וואָס ס'זאָל נישט זיין דער וויטערדיקער גורל פון דער רוסלענדער רעוואָלוציע, וועט זי אָן שום צווייפל ארייגיין אין דער וועלט־געשיכטע פון דער ארבעטער־באוועגונג, אלס די גרעסטע, אלס די וויכטיקסטע געשעעניש. און דעריבער האָט דער ארבעטער־קלאס פון דער גאנצער וועלט דאָס רעכט און די פליכט היינט, צום צענטן יאָרצייט פון נאָוועמבער, צו פאָדערן פון דער ראטן־מאכט, עס זאָלן וואָס גיכער פארשווינדן די דערשיינונגען אין איר אינערלעכער און אויסערלעכער פאָליטיק, וועלכע האָבן זיך ארויסגעוויזן אלס בפירושע און שווערע שטערענישן סיי פאר דער וויטערדיקער אנטוויקלונג פון דער רוסלענדער רעוואָלוציע, סיי פארן אינטערנאציאָנאלן קאמף פון פראָלעטאריאט.

„אונזער צייט", ווארשע, נאָוועמבער 1927.

# צי איז דער ציוניזם א באפרייענדע דעמאָקראַטישע באַוועגונג?

## אַן ענטפער פּראָפ. ש. דובנאָוון

פּראָפעסאָר דובנאָוו מאַכט א פּרואוו זיך עפנטלעך דורכצושמועסן מיטן „בונד" וועגן א רייע עיקר־פּראָבלעמען פונם אידישן לעבן. אין דעם נאָמען פון דעם „בונדיסטישן פריינט", צו וועלכן עס איז געווענדט זיין בריוו, וויל איך גערן אנטקעגנקומען דעם וואונטש פון פּראָפעסאָר דובנאָוו און אין א מעגלעכסט זאַכלעכער פאָרם אויפנעמען דעם אָנגעבאָטענעם שטרייט.

עס קאָן נישט געמאָלט זיין, אז אין דעם בריוו פון דעם „בונדיסטישן פריינט", אויף וועלכן עס ענטפערט פּראָפעסאָר דובנאָוו, זאָל זיין געזאָגט, אז — „מען קאָן האַלטן דעם „בונד" פאַר דער שטאַרקסטער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אויף דער אידישער גאַס"; דער „בונד" אין פּוילן איז היינט די שטאַרקסטע פּאַרטיי אויף דער אידישער גאַס איבערהויפּט, און נישט בלויז די שטאַרקסטע אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. דאָס האָבן באַוויזן אַלע וואַלן פון די לעצטע צוויי יאָר (צו די שטאָט־ראַטן און קהילות). דאָס באַצווייפלט נישט היינט קיינער אין פּוילן, נישט אונזערע קעגנער און נישט אונזערע פריינט. אונזערע קעגנער קאָנען האָפן, אז דאָס איז — א פאַרבייגייענדיקע דערשיינונג. דאָס איז זייער זאַך. יעדער טרייסט זיך, ווי ער קאָן. אָבער דאָס ענדערט נישט דעם פאַקט. די אויבן־ציטירטע פאָרמולירונג האָט זיך דעריבער זיכער צוליב א מיספאַר־שטענדניש געפונען אינם בריוו פון פּראָפעסאָר דובנאָוו.

און נאָך איין זאַך, איידער מיר טרעטן צו צו דער טעמע: לאָמיר לאָזן צורו אויטאָריטעטן. ווייל ערשטנס קאָן איך קעגן די נעמען פון בלום, וואַנ־דערוועלדע, בערנשטיין ארויסרוקן די נעמען פון אנדערע, נישט וויניקער

בכבודיקע מיטגלידער פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, ווי — קאַוטסקי, באַוער, אדלער, דאַן, וואָס שטייען אין דער פראגע ציוניזם אויפן בונדישן שטאַנדפונקט. און, צווייטנס, איז דאָס איבערהויפּט קיין ארגומענט נישט. איך באַצי זיך מיטן גרעסטן דרך־ארץ צום חבר וואַנדערוועלדע, היינט — אפשר מיט א גרעסערן, ווי ווען נישט איז; אָבער וואָס קען ער וויסן וועגן ציוניזם, וועגן אונזערע אינערלעכע אידישע פּראָבלעמען איבערהויפּט? לאָמיר שוין בעסער אויסטראָגן דעם שטרייט מיט אייגענע כחות, אָן דער הילף פון אויטאָריטעטן.

און :איצט — צו דער טעמע:

ה' דובנאָוו דריקט אוים דעם וואונטש, אז דער „בונד" — „זאָל זיך אָפּזאָגן פון זיין אלטער נעגאטיווער שטעלונג צום „כלל ישראל" און ווערן אן אָרגאַנישער טייל פון דעם אידישן פּאָלק אין דעם זעלביקן גראד, ווי די ענגלישע אָדער פראנצויזישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז אָרגאַניש פארבונדן מיט איר פּאָלק און שאפט א געמיינזאמען פראָנט מיט אלע פּראָגרעסיווע עלעמענטן".

איך ווייס נישט, פון וואנען פּראָפעסאָר דובנאָוו האָט עס גענומען, אז דער „בונד" פילט זיך נישט אָרגאַניש צונויפגעבונדן מיטן אידישן פּאָלק, אָדער ווי ער פאָרמולירט דאָס אין אן אנדער אָרט פון זיין בריוו — אז דער „בונד" האלט זיך נישט פאר א טייל פון אידישן פּאָלק, נאָר פאַר א טייל פון אידישן פּראָלעטאריאט"? פּראָפעסאָר דובנאָוו דערקלערט, אז אָט די לעצטע פאָרמולירונג האָט ער געהערט „אין נאָמען פון עטלעכע פארטיי־פירער" פון „בונד". אויב אזוי, דאַן קאָן איך אים פארזיכערן, אז זיינע אינ־פאָרמאטאָרן זיינען, אלס אינפאָרמאטאָרן, קיין פּרוטה נישט ווערט, און אז פון קיין שום בונדישן פירער, נישט היינט און נישט אמאָל, וואָלט ה' דובנאָוו נישט געקאָנט הערן דאָס, וואָס עס איז אים דערציילט געוואָרן אין נאָמען פון בונדישע פירער. אין דעם וואָס פּראָפ. דובנאָוו שרייבט דאָ וועגן „בונד", הערט זיך אן אָפּקלאנג פון דער קאריקאטור אויפן „בונד", וועלכע ס'האָבן אין די ערשטע יאָרן פון דער עקזיסטענץ פון אונזער פארטיי פאר־שפּרייט וועגן איר אירע ביטערסטע שונאים. און עס איז באמת א פאַרדרוס, וואָס פּראָפ. דובנאָוו, וואָס וועט אין זיינע היסטאָרישע שריפטן נישט מאכן די מינדעסטע פעסטשטעלונג, נישט האָבנדיק קיין דעקונג אין דאָקו־מענטן, האלט עס פאר מעגלעך אין זיין באציאונג צו אזא גרויסער באַ־וועגונג אינם אידישן לעבן, ווי דער „בונד", צו שטיצן זיך אויף תורה שבעל פּה.

ניין, מען האָט דעם פּראָפ. דובנאָוו שלעכט אינפאָרמירט. דעם „בונד" איז קיינמאָל נישט איינגעפאלן צו טראכטן, אז דער גורל פונם אידישן ארבעטער־קלאס קאָן אָפּגעריסן ווערן פונם גורל פון אידישן פאָלק. דער „בונד" האָט זיך דעריבער אלעמאָל און שטענדיק באטראכט פאר אן אָרגאנישן טייל פונם אידישן פאָלק. און אים איז פרעמד געווען די לעכערלעכע „אמביציע" צו זיין „א טייל פון אידישן פּראָלעטאריאט"; נישט נאָר באטראכט זיך דער „בונד" פאר דער פּארטיי פונם אידישן ארבעטער־קלאס, אלס גאנצן, נאָר זיין אמתע אמביציע, פּונקט ווי די אמביציע פון יעדער לעבנס־פעאיקער סאָציאַליסטישער פּארטיי, איז עס — צו זיין דער פאָן־טרעגער און פאָרקעמפער פון די ברייטסטע אידישע פאָלקס־מאסן, ד. ה., פון דער גרויסער מערהייט פונם אידישן פאָלק, וועלכע מיר אידענטיפיצירן מיטן אידישן פאָלק אלס גאנצע. פון דער קליינער מינדערהייט אידן, וואָס לעבן פון אויסנוצונג און זיינען גרייט צו אידענטיפיצירן די אידישע אינטערעסן מיט די אינטערעסן פון זייערע טייסטערס — רעזיגנירן מיר מיט א לייכטן הארץ.

די אינטערעסן פון דעם אזוי פארשטאנענעם אידישן פאָלק האָט דער „בונד" געהאט אין אויג אין משך פון זיין גאנצער געשיכטע. ווען דער „בונד" האָט, אלס טייל פון דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג פון ליטע, פּוילן און רוסלאנד, געפירט זיין קאמף פאר פרייהייט, פאר נאציאָנאלער פולבארעכטיקונג, פארן סאָציאליזם; ווען זיינע באוואָפנטע דרוזשינעס האָבן זיך געשלאָגן מיט די צארישע פּאָגראָמשטשיקעס; ווען ער האָט, אין צוזאמענהאנג מיטן ביילים־פּראָצעס, גערופן די ברייטסטע אידישע פאָלקס־מאסן צו אן אקטיוון פּראָטעסט — האָט ער דאָס געטאָן נישט בלויז אין די אינטערעסן פון די אידישע פּראָלעטאריער אין ענגן זין פון וואָרט.

און ווען דער „בונד" אָרגאניזירט היינט די אידישע ארבעטער, אָנגעשטעלטע, האנטווערקער, כאַלופּניקעס און ארבעטנדיקע אינטעליגענץ צום קאמף פאר זייערע עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און נאציאָנאלע רעכט; ווען ער בוים מיפּול, עקשנותדיק און נישט געקוקט אויף די שווערסטע מניעות א ברייט פארצווייגטע נעץ פונם אידיש־וועלטלעכן שול־וועזן; ווען אין דער היינטיקער ביטערער צייט פירט ער אָן סיסטעמאטיש, אָן אויפהער און איינער אליין אין דער אידישער געזעלשאפט א ריזיקע קולטור־ארבעט צווישן די אידישע מאסן; ווען ער מאָביליזירט די ראָזיקע מאסן צו קאמפס־ארויסטרעטונגען פאר זייערע רעכט (17־טן מערץ, 1936, 19־טער אָקטאָבער, 1937); ווען ער זאָרגט דערפאר, אז די אידישע

מאסע זאָל נישט זיין שוצלאָז קעגן די פאשיסטישע עלעמענטן, וואָס באַדראָען איר עצם פיזישע עקזיסטענץ — ווען דער „בונד" ט.ט דאָס אַלץ, טוט ער עס אויך נישט בלויז פאַר דעם אידישן ארבעטער פון דער פאַבריק און ווארשטאט, נאָר פאר דער גאנצער גרויסער ליידנדיקער אידישער מאסע, פאר די אלע, וועלכע מ י ר באצייכענען מיטן נאָמען — דאָס אידישע פאָלק.

פראָפ. דובנאָוו איז דעריבער אין א טעות, ווען ער מיינט, אז מיר „איזאָלירן זיך" פון דער אידישער מאסע. פארקערט — מיר זוכן א וואָס ענגערע און אינטימערע באהעפטונג מיט איר. און ווי עס באווייזן די פאקטן — נישט אָן דערפאָלג.

אָבער ה' דובנאָוו איז יאָ גערעכט, ווען ער שטעלט פעסט, אז מיר איזאָלירן זיך פון די אידישע ב י ר ג ע ר ל ע כ ע פ א ר ט יי ע ן. אין דעם פרט זיינען מיר איינגעשפּארטע אידן. די אידישע קאָמוניסטן האָבן שוין „אומגעלערנט", ווי עס זאָגן די דייטשן, מיר אָבער — נ י ש ט. אין אין ד ע ר פראגע בין איך גרייט אויפצונעמען א שטרייט.

אָבער צוערשט — לאָמיר פעסטשטעלן דעם ק ע ג נ ש ט א נ ד פון שטרייט.

ה' דובנאָוו רעדט אינם אויבן־ציטירטן זאץ אי וועגן „כלל ישראל", אי וועגן א „געמיינזאמען פראָנט מיט אלע „פ ר אָ ג ר ע ס י וו ע ע ל ע מ ע נ ט ן". דאָס זיינען אָבער צוויי פארשידענע זאכן. „כלל ישראל" שליסט קיינעם נישט אוים פון כלל. כלל ישראל באזירט זיך אויף דעם ווייניק־ראפינירטן „פרינציפּ" פון — „וואָס מיר זיינען, זיינען מיר, אָבער אידן זיינען מיר". אָבער ה' דובנאָוו איז דאָך, צוגלייך מיט אונז, גרייט צו לאָזן אין א זייט — די „אגודה". וואָס איז שייך דער „אגודה" — זאָגט ער — איז דער „בונד" פולשטענדיק גערעכט. אָבער אויב ה' דובנאָוו איז גרייט צו רעזיגנירן פון צוזאמענארבעט מיט אזא באדייטנדיקער ריכטונג אין דער אידישער געזעלשאפט, ווי די „אגודה", דאן זאָגט ער זיך דאָך אליין אָפּ פונם „כלל־ישראל"־פרינציפּ.

צי זאָגט ער זיך טאקע פון אים אָפּ? ווער עס לייענט אויפמערקזאם דעם „בריוו" פון פראָפ. דובנאָוו, דער מוז קומען צו דער איבערצייגונג, אז — נישט. ה' דובנאָוו איז גרייט זיך אָפּצוטיילן פון דער „אגודה", ווייל... די אגודה „טיילט זיך אָפּ פון אונז". ער פארופט זיך דערביי אויף היסטאָרישע ביישפילן און ער פארופט זיך אויפן ביישפיל פון „אידישן וועלט־קאָנגרעס", אין וועלכן די אגודה האָט זיך אָ פּ ג ע ז אָ ג ט אנטיילצונעמען. אָבער ווי איז דער דין, אז זי ט יי ל ט זיך נ י ש ט אָ פּ? עס זיינען דאָך געווען

פאלן אין פוילן — לעצטנס און פריער — ווען די „אגודה", נישט אויפהערנדיק אויף קיין איין רגע צו זיין דאָס, וואָס זי איז, איז יאָ גרייט געווען צו באטייליקן זיך אין אלגעמיין־אידישע אקציעס: ווי דארף מען אין א ז א פ א ל האנדלען לויט דער מיינונג פון ה׳ דובנאָוו?

איך האָב מורא, אז פון דעם, וואָס ער שרייבט, איז געדרונגען, אז אין אזא פאל דארף מען יאָ אָננעמען די אויסגעשטרעקטע האַנט פון דער „אגודה". אָבער אונזער קאמף קעגן אנטיסעמיטיזם איז דאָך א קאמף קעגן פינצטערניש, קעגן רעאקציע, קעגן שאָוויניזם און פאשיזם, טאָ ווי אזוי קאָן עס געמאָלט זיין, מיר זאָלן קאָנען פירן דעם דאָזיקן קאמף בשותפות מיט רעאקציאָנערן און קלעריקאלן, מיט מענטשן, וואָס זיינען פאר א קאפיטשקע פריווילעגיעס פאר רבנים און דיינים, גרייט זיך אָפצוזאָגן פון די עלעמענטארסטע רעכט פון אידישע מאסן, צו ווערן די געטרייעסטע דינער פון אונזערע פיינט?

און דאָס באציט זיך דאָך נישט בלויז צו דער „אגודה". אָט איז פאראן אזא ריכטונג אינם אידישן לעבן, ווי — דער „רעוויזיאָניזם". געווען א מאָמענט, ווען די דאָזיקע ריכטונג איז געווען ביי אונז גאנץ שטארק, ווען עס האָט זיך געדוכט, אז אָט־אָט וועט זי אויפרעסן אלע איבעריקע ריכטונגען אינם ציוניזם. היינט איז דער רעוויזיאָניזם — א גאָרנישט, א הייפל קליינטשיקע קאָמעדיאנטן מיט א גרעסערן קאָמעדיאנט אין דער שפיץ. אָבער לויט זיין גייסט איז דער רעוויזיאָניזם געבליבן דאָס זעלביקע, וואָס ער איז געווען. עס נעמט אָן א שוידער צו הערן די התלהבותדיקע רעדעס פון דער רעוויזיאָניסטישער יוגנט וועגן פאשיזם, אפילו וועגן היטלעריזם, וועלכן זי האָט גאָרנישט פאָרצוואַרפן, א חוץ זיין אנטיסעמיטיזם. און עס וואָלט געווען טראגיש, ווען עס וואָלט נישט געווען אזוי קאָמיש — די רעוויזיאָניסטישע פרואוון נאָכצומאכן די העוויות פון זייערע פאשיסטישע לערערס.

היינט שטייען די רעוויזיאָניסטן אויסער דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אָבער ניט דערפאר, וואָס מען האָט ז יי געשטעלט אויסער די גרענעצן פון „כלל", נאָר ווייל ז יי א ל י י ן האָבן זיך אָפּגעטיילט פון „כלל". און אויב איך האָב א גרונט צו מיינען, אז ה׳ דובנאָוו, כאָטש ער באַרעכטיקט אונזער פאָליטיק לגבי דער „אגודה", וואָלט זיך נישט אָפּגעזאָגט אריינצונעמען זי אין כלל, בין איך כמעט ווי זיכער, אז דער צוריקקער פון די רעוויזיאָניסטן אין דער שויס פון ציוניסטישן כלל, וואָלט פראָפ. דובנאָוו אויפגענומען מיט גרויס באפרידיקונג.

ווי אזוי קאָן אָבער געמאָלט זיין א קאמף קעגן שאָוויניזם און פאשיזם

האנט־ביי־האנט מיט פארביסענע שאָוויניסטן, מיט באגייסטערטע אָנהענ־גער פון פאשיזם?

אָבער דאָס „כלל ישראל" איז בלויז איינמאָל געברויכט אינם בריוו פון פּראָפ. דובנאָוו. אין אַלגעמיין רעדט ער וועגן — „געמיינזאמען פראָנט מיט אלע פּראָגרעסיווע עלעמענטן", וועגן „א פאריייניקונג פון אלע דעמאָקראַטישע און פּראָגרעסיווע עלעמענטן". דערמיט באַרירט ער די פראגע, וואָס האָט שוין הינטער זיך א לאנגע געשיכטע אין דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־באוועגונג, א פראגע, וואָס ווערט דאָרט ביז היינט־צו־טאָג זייער לײדנשאפט־לעך דעבאטירט. ביי דער פּאָליטיק פון „פּאריייניקן אלע דעמאָקראַטישע און פּראָגרעסיווע עלעמענטן" האָבן זיך געהאַלטן די רעכטע מענשעוויקעס אין רוסלאנד, אין יאָר 1917, בעת זיי האָבן צוזאמענגעארבעט מיט דעם „פּראָ־גרעסיוון בירגערטום" אין דער צייטווייליקער רעגירונג. ביי דער זעלביקער פּאָליטיק האָבן זיך געהאַלטן די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין דער צייט פון דער ווײמאַרער רעפּובליק. איך ווייס ניט, וואָס עס טראַכט וועגן דעם פּראָפ. דובנאָוו, אָבער די רוסלענדער ס. ד. האַלטן ניישט היינט, אז זייער טאַקטיק פון 1917 איז געווען א ריכטיקע, און עס וועלן זיך געפינען אינם ארבעטער־לאגער ווייניקע, וואָס זאָלן זיך אונטערנעמען היינט צו פארטיי־דיקן די ערב־היטלערישע פּאָליטיק פון די דייטשע ס. ד.

אָבער פּראָפ. דובנאָוו פארופט זיך אויף פרישערע ביישפּילן -— ענגלאנד, פראנקרייך. אויף ענגלאנד פארופט ער זיך מיט אומרעכט: גראָד די לייבאָר־פארטיי איז אן אנטשיידענע קעגנערן פון פּאָליטישער צוזאמענארבעט מיט א וועלכער נישט איז ענגלישער בירגערלעכער פארטיי. אָבער די פראנצויזי־שע סאָציאַליסטן האָבן, אונטערן נאָמען „פּאָלקס־פראָנט", טאקע געשאפן אזא „פאריייניקונג פון אלע דעמאָקראַטישע עלעמענטן", ווי די, וועלכע עס האָט ווארשיינלעך אין זינען פּראָפ. דובנאָוו. שוין העכער ווי צוויי יאָר ווי זיי פירן די דאָזיקע פּאָליטיק. אָבער ווען אונזערע פראנצויזישע חברים מאכן א סך־הכל פון אָט די העכער צוויי יאָר, דערוועקן זיך נישט ביי איינעם פון זיי זייער ערנסטע ספקות, צי איז אָט די פּאָליטיק טאקע געווען די ריכטיקע. און דאָס — ניט פון שטאנדפונקט פון א וועלכן ניט איז ענגן פארטיי־אינטערעס, נאָר פון שטאנדפונקט פון די אינטערעסן פון די פראנצויזישע פּאָלקס־מאַסן, פון די אינטערעסן פון קאַמף קעגן דער פאשיסטישער געפאַר.

אָבער — לאָמיר אָט די פראגע לאָזן אין א זייט. עס איז זיכער נישט געווען די כונה פון ה' דובנאָוו אויפצונעמען מיט זיין בונדיסטישן פריינט א וויכוח וועגן אינטימע, אינערלעכע פּראָבלעמען פון דער אינטערנאציאָנא־

לער פּראָלעטארישער באוועגונג. וואָס דעם ה' דובנאָוו אינטערעסירט, איז — די א י ד י ש ע ז י י ט פ ו ן ד ע ר פ ר א ג ע : אָנגענומען, אז „א געמיינזאמער פּראָצנט פון אלע פּראָגרעסיווע עלעמענטן" איז א גוטע זאך. — פארוואָס זאָגן מיר, בונדיסטן, זיך אָפּ צוזאמענצוארבעטן מיטן ציוניזם? פארוואָס ווילן מיר נישט זען אין אים — „א באפרייענדע דעמאָקראטישע באוועגונג"? פארוואָס באקעמפן מיר ווייטער, ווי ביז איצט, די דאָזיקע באוועגונג?

אָט דאָס איז די גרונט־פראגע, מיט וועלכער פּראָפ. דובנאָוו ווענדט זיך צו זיין „בונדיסטישן פריינט", און אויך איר וויל איך פרואוון געבן אן ענטפער.

* * *

אזוי ווי דער „בונד" באציט זיך צום ציוניזם, מיינט פּראָפ. דובנאָוו, האָט מען געקאָנט מיט 40 יאָר צוריק, אָבער נישט היינט. איך האָב דעם איינדרוק, אז דאָס איז געזאָגט עטוואָס — צו סוביעקטיוו. וויל — נישט בלויז מיט 40 יאָר צוריק, נאָר אויך באדייטנדיק שפּעטער, האָט זיך ה' דובנאָוו אליין באצויגן צום ציוניזם אנדערש, ווי היינט. אָ, געוויס — ער האָט אויך היינט פּאָרבאהאלטן און — גאנץ ערנסטע: „מען מוז באקעמפן, — זאָגט ער, — די נעגאציע פון „גלות" אין ציוניזם, דעם ביטול צום „גלות" און די אתה־בהרתנו־שטימונג פון די ציוניסטן, וואָס איז פּשוט א סכנה פאר דער גאנצער וועלט־נעגאציע". אמאָל איז דער דאָזיקער פּאָרבאהאלט געווען גענוג אויך צו באשטימען דובנאָווס נ ע ג א ט י ו ו ע באציאונג צום ציוניזם. אָבער מיט אים איז געשען משמעות דאָס זעלביקע, וואָס מיט מאנכע אנדערע אין דער אידישער געזעלשאפט, נעמלעך — די היטלעריסטישע פארפלייצונג האָט אונטערגעשווענקט אין אים דעם גלייבן אינם „גלות", און ממילא האָט זיין נישט־פון־היינטאָניקע באוואָרעניש קעגן ציוניזם, אז ער איז א סכנה פאר די אידן פון דער גאנצער וועלט, אָנגעוואָרן אין זיינע אויגן א גרויסן טייל פון איר אמאָליקער קראפט. און פונקט ווי אנדערע, ניי־אויפגעקומענע פּראָ־ציוניסטן, איז ער נישט אן ערך התלהבותדיקער און קריטיקלאָזער לגבי דעם ציוניזם, איידער עס זיינען דאָס צווישן זיך (און נישט בלויז צווישן זיך) די ציוניסטן אליין.

פּראָפעסאָר דובנאָוו איז קיינמאָל קיין אקטיווער פּאָליטיקער נישט געווען. שוין א לאנגע צייט, ווי ער האָט זיך צוליב א רייע אויסערלעכע סיבות געפונען אינגאנצן אין א זייט פונם פּאָליטישן לעבן. און אינם העלפאנט־ביין־טורם פון זיין איינזאמקייט לעבט ער אין דער געזעלשאפט פון

גייסטער פון דער אידישער געשיכטע און פון **אבסטראקטע אי־דעען** פון אידישע געזעלשאפטלעכע באוועגונגען, אויסגעטוענע פון זייער רעאלן לבוש. ה׳ דובנאָוו רעדט וועגן „בונד״ אין קאַטעגאָריעס, וואָס האָבן א זייער קנאַפּע שייכות צו דער רעאַלער ווירקלעכקייט. און אזוי טראכט ער און רעדט וועגן ציוניזם. מיר אָבער האָבן צו טאָן נישט מיט א „פּלאַטאָנישער אידעע״ פון ציוניזם, נאָר מיט לעבעדיקער ציוניסטישער ווירקלעכקייט.

קיינער פון אונז לייקנט נישט, אז די ציוניסטן האָבן צו פארצייכענען דערגרייכונגען אין פּאַלעסטינע. בלויז צוויי „קליינטשינקע״ באוואָרענישן האָבן מיר צו פאָרמולירן:

1) דאָס, וואָס עס איז דאָרט געבויט געוואָרן, איז געבויט אויף זאמד סיי אין ווירטשאפטלעכער, סיי אין פּאָליטישער הינזיכט. פון דאנען — די ווירטשאפטלעכע קאטאסטראָפע אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט, וועלכע עס לעבט היינט איבער פּאַלעסטינע. פון דאנען — דער טעמפּער האָפענונגסלאָזער ווינקל, אין וועלכן עס האָט זיך דאָרט פּאָליטיש ארייננמאנעווורירט דער ציוניזם.

2) דאָס, וואָס איז דאָרט געבויט געוואָרן, האָט אָפּגעקאָסט דאָס וועלט־אידנטום אן אוצר מיט געלט (אן ערך הונדערט מיליאָן פונט) און איז ווערט נישט אן ערך ווייניקער, איידער עס האָט געקאָסט. די ציוניסטן האָבן דאָך באוויזן די קונץ כמעט ווי צו מאָנאָפּאָליזירן פאר זיך די הילפס־טעטיקייט פונם אידנטום פון דער וועלט. זיי האָבן אפילו פונם פוילישן אידנטום, וואָס נויטיקט זיך אזוי אומגעהויער אין הילף, באוויזן ארויסצוציען שווערע מיליאָנען און דאָס — זייער אָפּט מיט מיטלען, וואָס האָבן מיט באגייסטערונג פארן ציוניזם קיין שום שייכות נישט.

אָבער דאָס זיינען די קלענסטע פון אונזערע טענות צום ציוניזם און נישט מיט זיי דערקלערט זיך אונזער ביטערער קאמף קעגן ציוניזם און אונזער אומווילן צו פּאָליטישער צוזאמענארבעט מיט דער ציוניסטישער פארטיי.

וואָס זיינען אין משך פון די צענדליקער יאָרן פון דער עקזיסטענץ פון „בונד״ געוועזן אונזערע הויפּט־ארגומענטן קעגן דעם ציוניזם? מיר האָבן געזאָגט, אז דער ציוניזם איז נישט און קאָן נישט זיין קיין לייזונג פון דער אידן־פראגע; אז זייענדיק צווישן די אידישע פאָלקס־מאסן די אילוזיע, אז ער איז דאָס יאָ, ציט ער אָפּ זייער אויפמערקזאמקייט און ענערגיע פון זייערע אייגנטלעכע קאמפס־צילן; אז צוליב זיין ביטול־באציאונג צום גלות און פאראכטונג צו דער אידישער שפראך איז ער א שטיין אויפן וועג פאר דער אנטוויקלונג פון דער אידישער קולטור; אז זיין אָפּהענגיקייט פון די מאכט־

האָבער פון דער וועלט פארוואנדלט אים אין א רעאקציאָנערן פאקטאָר סיי אין די גלות־לענדער און סיי אין פאלעסטינע.

אָט די אלע ארגומענטן, וואָס זיינען פולשטענדיק גענוג, כדי צו באַגרינדן אונזער נעגאטיווע באציאונג צום ציוניזם, זיינען פארבליבן אין קראפט ביז היינטיקן טאָג, און צו זיי איז צוגעקומען נאָך איינער, היינט צו־טאָג — אפשר דער וויכטיקסטער: דער ציוניזם האָט זיך נעמלעך אין גאנג פון די יאָרן פארוואנדלט אין אן אָפענעם פארבינדעטן פון אונזער דם־שונא — דעם אנטיסעמיטיזם. דער ציוניזם האָט פאקטיש אלעמאָל געשעפט זיין יניקה פון רדיפות לגבי דער אידישער באפעלקערונג, פון פּאָליטישער רעאקציע איבערהויפּט. אין משך פון דער 40־יאָריקער עקזיסטענץ פון ציוניזם האָט פאקטיש אלעמאָל גע־גאָלטן דער כלל: וואָס פינצטערער אויף דער וועלט, אלץ ליכטיקער אין די געצעלטן פון ציוניזם; וואָס ערגער פאר אידן, אלץ בעסער פארן ציוניזם. און — פארקערט. אָבער קיינמאָל איז די פאקטישע שותפות צווישן ציוניזם און אנטיסעמיטיזם נישט געווען אזוי בולט, ווי היינט.

צי דארף מען עס נאָך היינט באווייזן, אז ציוניזם, אלס לייזונג פון דער אידן־פראגע, איז א פולשטענדיקער דורכפאל? דער ציל פון ציוניזם איז געווען — א אידישע מלוכה אין פאלעסטינע, וואָס זאָל ארייננעמען, אויב נישט דאָס גאנצע אידנטום פון דער וועלט, איז לכל הפחות זיין ווייט גרעסטן טייל. זייט דער באלפור־דעקלאראציע האָט דער אָפיציעלער ציוניזם — כדי ניט צו רייצן ענגלאנד און נישט צו רייצן די אראבער — אויסגעמיטן צו באנוצן זיך מיטן וואָרט „אידישע מלוכה". אָבער גראָד אין דעם מאָמענט פון „דערפילונג", גראָד אין דעם טאָג, ווען ס'איז פון דער ענגלישער זייט געפאלן דאָס פון די ציוניסטן אויסגעחלומטע וואָרט — „אידישע מלוכה", האָט זיך אנטפלעקט די פולשטענדיקע קאטאסטראָפע פון ציוניזם.

ווען די „פיל־קאָמיסיע" האָט זומער 1937 פארעפנטלעכט איר צוטיילונגס־פלאן, האָט א פארצווייפלונג ארומגעכאפט די פירער פון דער ציוניסטישער באוועגונג. „א מלוכה אָן א לאנד", „א מלוכה אָן א פאָלק", „א ציי־טונגס־קיאָסק, א פליאזשע אנשטאָט א מלוכה" — אזוי האָבן ציוניסטישע פירער, נישט מיר, באצייכנט די ענגלישע מתנה. און מיט רעכט: א מלוכהלע, אָן ערד א צוועלפט־חלק פון ליטע די גרויס; א „אידישע מלוכה" אָן ירושלים, אָן דעם אידישן אוניווערסיטעט, אָן רוטענבערגס עלעקטרישע סטאנציע; א מלוכה מיט איין־און־איינציקער שטאָט — תל־אביב; א אידישע מלוכה מיט 40 פראָצענט אראבער און 95 פראָצענט ערד אין אראבישע

הענט; אַ מלוכה אָן אַ אינדוסטריע און אָן נאַטירלעכע רייכטימער. אָבער מיט אַ באַפעלקערונג, וואָס איז פונקט אַזוי געדיכט, ווי די באַפעלקערונג פונם הויך־אינדוסטריאַליזירטן מדינהלע לוקסעמבורג; אַ מלוכהלע, צוגעדריקט צום סאַמע ים און אַרומגערינגלט מיט מיליאָנען פיינטלעך־געשטימטע אַראַבער, וואָס באַוואוינען די אַרומיקע בערג. אַזאַ מלוכהלע פאַרדינט באמת נישט קיין אַנדער באַצייכענונג, ווי די, וועלכע איך האָב אויבן דערמאָנט. און מען מוז זיין אָדער פולשטענדיק נאַאיוו אָדער פּאָליטיש אומערלעך, כּדי צו קאָנען פּרוּוון ווען עס איז איינרעדן, אַז אַזאַ מלוכהלע קאָן זיין אימשטאַנד אויפצונעמען מער אָדער ווייניקער באַדייטנדיקע אידישע אימיגראַנטן־מאַסן.

אויב דער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט דעם צעטיילונגס־פּלאַן פאַקטיש אַקצעפּטירט, און אויב די צאָל יאָ־זאָגערס אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז זייט דאַן אַפילו באַדייטנדיק געשטיגן, דערקלערט זיך דאָס נישט מיט דער גוטסקייט פון דער „אידישער מלוכה", נאָר מיט דעם באַוואוסטזיין, אַז די *צייט אַרבעט אָן אויפהער קעגן דעם ציוניזם*, אַז מער, ווי דאָס, וואָס עס האָט באַוויליקט צו געבן די פּיל־קאָמיסיע, קאָן דער ציוניזם נישט באַקומען, אַז באַקומען קען ער גיכער ווייניקער, ווי דאָס.

וואָס קאָן *אין בעסטן פאַל* זיין דאָס אידישע פּאַלעסטינע? אַ מלוכהלע פון אַ קליינטשינקן העברעאישן שבט אינם אידישן פאָלק. אַ מלוכהלע, וואָס לעבט מיט דעם חסד פון ענגלאַנד, אָפּהענגיק פון דער שפּיל פון אירע אימפּעריאַליסטישע אינטערעסן אין דער וועלט. ווען די ציוניסטן רעדן צו די אומות העולם, זיינען זיי גוואַלדיקע דעמאָקראַטן און שטעלן פאָר די פאַרהעלטענישן אין דעם היינטיקן און קומענדיקן פּאַלעסטינע אַלס מוסטער פון פרייהייט און פּראָגרעס. אָבער אויב עס וועט אַנטשטיין אַ אידישע מלוכה אין פּאַלעסטינע, וועט איר גייסטיקער קלימאַט זיין — אייביקע שרעק פאַרן אויסערלעכן שונא (אַראַבער). אייביקער קאַמף פאַר יעדן שפּאַן ערד, פאַר יעדן ברעקל אַרבעט מיטן אינערלעכן שונא (אַראַבער) און אומדערמידלעכער אויסראָטונגס קאַמף קעגן דער שפּראַך און קולטור פון די נישט־העברעאיזירטע אידן פון פּאַלעסטינע. צי איז דאָס אַ קלימאַט, אין וועלכן עס קאָנען וואַקסן פרייהייט, דעמאָקראַטיע, פּראָגרעס? צי איז דאָס נישט דער קלימאַט, אין וועלכער עס בליען געוויינלעך רעאַקציע, שאָוויניזם? קאַראַקטעריזירן דאָך אַפילו היינט בשעתע ציוניסטישע פּובליציסטן, וואָס באַזוכן דאָס הייליקע לאַנד, אַ גוואַלדיק־גרויסע השפּעה פונם קלעריקאַליזם, באַטש אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע שפּילן אַזאַ אָנגעזעענע ראָל די ציוניסטישע פּועלים.

נישט אַלס עמיגראציע־צענטער (דער נאטירלעכער צואוואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג פון פוילן אליין שטייגט באדייטנדיק איבער די אויפ־נאמס־פעאיקייט פון פאלעסטינע) און נישט אלס גייסטיקער צענטער, קאָן זיי עווענטועלע אידישע מלוכה פאר די אידישע פאָלקס־מאסן פון די „גלות־לענדער" קיין ראָלע ניט שפּילן. די ציוניסטן אליין האָבן שוין היינט באַדייטנדיק אראָפּגעלאָזט פון זייערע אמביציעס: אין א מעמאָראנדום, וועלכן די פאָרשטייער פון דער אידישער אגענטור האָבן דערלאנגט דעם ראט פון דעם פעלקער־בונד בעת זיין סעפּטעמבער־סעסיע פון 1937, רעדן זיי שוין וועגן פאלעסטינע, ווי וועגן א טײלװײזער לייזונג פון דער אידן־פראגע. אָבער אויך דאָס איז אין אָנבליק פון די אויבן־געבראכטע פאקטן נישט מער, ווי איינרעדעניש, ווי בלאָף.

מיר האָבן שטענדיק און טאקע צוגלייך אפילו מיטן פּראָפעסאָר דובנאָוו — באטראכט פאר א פארברעכן די ציוניסטישע ביטול־באציאונג צום „גלות", זייער גרייטקייט מקריב צו זיין די אינטערעסן פון די פיל־מיליאָניקע אידישע מאסן פון דער וועלט לטובת די „אויסדערוויילטע" אידן פון פאלעסטינע. מיר האָבן דאָס באטראכט פאר א פארברעכן אפילו דאן, ווען דער ציוניזם איז געווען באפליגלט מיט גרויסע האָפנונגען, ווען אונזער פאָראויסזאָגן וועגן דער אומפעאיקייט פון ציוניזם צו לייזן די אידן־פראגע איז געווען נישט מער, ווי — א פאָראויסזאָגן. אָבער אויב אזוי, טאָ וואָס זאָל מען זאָגן וועגן דער ציוניסטישער פּאָליטיק היינט?

עס וועט נישט זיין די מינדעסטע איבערטרייבונג, אויב איך וועל זאָגן, אז אָבקערווירנדיק די ציוניסטישע פּאָליטיק פון די לעצטע יאָרן, באקומט מען אָפּטמאָל דעם איינדרוק, אז די מענטשן זיינען פשוט פון זינען אראָפּ, אז אין צושטאנד פון טיפער פארצווייפלונג, וועלנדיק ראטעווען א שיין פון דער ציוניסטישער אילוזיע, באגייען זיי לגבי די אידישע פאָלקס־מאסן איין פארברעכן גרעסער פונם צווייטן!

די פירער פון דער ציוניסטישער באוועגונג האָבן דאָך אָנגעהויבן אָפּן שטעלן אויף דער אנטיסעמיטישער קאָרט! אין זייערע קעפּ בלאָנקעט זיך דאָך היינט ארום דער ווילדער געדאנק וועגן העלפן אויסבילדן א בלאָק פון די לענדער מיט אן אנטיסעמיטישן רעזשים אלס פארבינדעטע פון ציוניזם, אלס כח, וואָס זאָל העלפן דעם ציוניזם „אויסצו־איבן א דרוק" אויף דער ענגלישער רעגירונג. כדי צו געווינען די דאָזיקע לענדער, אנטוויקלען די ציוניסטן פאר די מיטגלידער פונם פעלקער־בונד עקאָנאָמישע „טעאָריעס", וואָס פאלן זיך פולשטענדיק צונויף מיט דער

טעאָרעטישער באַגרינדונג", וועלכע עס גיבן פאַר זייער אויסראָטונגס־קאַמף קעגן אידן די „טעאָרעטיקער" פון אנטיסעמיטיזם. זאָל פּראָפעסאָר דובנאָוו איבערלייענען די ביילאַגע נומער 1 צום מעמאָראַנדום („ער מעמואַר"), וועלכן די אידישע אַגענטור האָט אין סעפּטעמבער 1937 צוגעשטעלט די מיטגלידער פונם פעלקער־בונד־ראַט, וועט ער זיך דערין איבערצייגן. און כדי נישט צו דערצאָרענען די פאָרשטייער פון די דערמאָנטע לענדער, באַמיען זיך די ציוניסטן צו פאַרשווייגן, באַוואוסטזיניק צו פאַרשווייגן, די אַלע נגישות, וועלכע די אידישע פאָלקס־מאַסן האָבן דאָרט אויסצושטיין.

סעפּטעמבער 1937 איז געווען אַ צייט, ווען איבער דער אידישער באַפעלקערונג פון רומעניע איז געהאַנגען דאָס געשפּענסט פון „אויסבירגערונג", פון אנטרעכטונג. אין סעפּטעמבער, 1937, האָט די אידישע באַפעלקערונג פון וואַרשע איבערגעלעבט פיינלעכע טעג. און אין סעפּטעמבער, 1937, האָט דער פאָרשטייער פון פּוילן אין גענף (שוין איבעריגענס — נישט צום ערשטן מאָל) אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג, אַז די אידן מוזן פון פּוילן אַוועק.

אין די קולואַרן פון דער פעלקער־ליגע האָבן דאַן „אַמטירט" די אָנגעזעענסטע פאָרשטייער פון דער אידישער אַגענטור און פון דעם אַלוועלטלעכן אידישן קאָנגרעס. אָבער קיין איין וואָרט איז אין יענע טעג נישט געפאַלן מצד די דאָזיקע הערן צום שוץ פון די אידישע פאָלקס־מאַסן פון אייראָפּע. און דער פּוילישער אויסערן־מיניסטער, בעק, האָט נאָך אַ קאָנפערענץ מיט דר. ווייצמאַן געקאָנט אָפּגעבן דער פּרעסע אַ דערקלערונג, אַז צווישן אים און דעם פירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, דר. ווייצמאַן, איז געקומען צו אַ פולער און האַרציקער פאַרשטענדיקונג בנוגע די אידישע עמיגראַציע־פּראָבלעמען.

עס האָט זיך געפונען אַ ציוניסטישער זשורנאַליסט אין גענף, וואָס האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און איז אַוועק צו די ציוניסטישע מנהיגים מיט אַ געשריי: איר זעט, וואָס עס טוט זיך, — אַזוי האָט ער אַן ערך געזאָגט, — טאָ גיט ווייניקסטנס אָפּ פאַר דער פּרעסע אַ דערקלערונג, וואו עס זאָל דערמאָנט ווערן, אַז די באַלפור־דעקלאַראַציע באַשטייט פון צוויי טיילן; אַז אויב אין דעם ערשטן טייל רעדט זיך וועגן אַ נאַציאָנאַלער היים פאַר אידן אין פּאַלעסטינע, ווערט אין דעם צווייטן פעסטגעשטעלט, אַז די נאַציאָנאַלע היים אין פּאַלעסטינע קאָן אין קיין פאַל ניט גורם זיין אַ פאַרערגערונג פון דער פּאָליטישער לאַגע פון די אידן אין זייערע אַלטע היימען.

אָבער אפילו דאָס האָבן זיך די פאָרשטייער פון דער אידישער אַגענטור און פון דעם אַלוועלטלעכן אידישן קאָנגרעס, אין וועלכן פּראָפ. דובנאָוו וואָלט

געוועזן זען אויף דעם „בונד“ — **אָ פּ ג ע ז אָ ג ט צ ו ט ו ן** ! מחמת דאָס וואָלט ארויסגערופן אַן אומצופרידנקייט ביי די פאָרשטייער פון די לענדער מיט אַן אנטיסעמיטישער פּאָליטיק. און מיט דעם גרעסטן ציניזם האָבן אָט די מנהיגים פון ציוניזם — ה' ווייצמאַן פּונקט אַזוי ווי ה' טשערטאָק; ה' גאָלדמאַן פּונקט אַזוי ווי ה' יארבלום — געענטפערט:

— פארפאלן: אויב עס שאפט זיך א קאָליזיע צווישן די אינטערעסן פון דער אידישער מלוכה און פון די אידן אין „גלות“, מוזן אָט די לעצטע געבראכט ווערן אלס קרבן.

די האלטונג פון די ציוניסטישע דעלעגאציעס אין גענף (ווייל אויך די דעלעגאציע פונם וועלט־קאָנגרעס איז דאָך א ציוניסטישע דעלעגאציע) האָט ארויסגערופן אַן איבערראשונג אפילו אין ציוניסטישע קרייזן. דאָס ציוניסטישע „איזראעליטישע וואָכנבלאט“, וואָס דערשיינט אין צוריך, האָט פעסטגעשטעלט מיט ביטערניש, אז ס'האָבן זיך געהערט בעת דער סעפּטעמבער־סעסיע פון פעלקער־בונד ווײ־געשרייען פון פארשיידענע זייטן, אָבער די פּיין פון די אידישע פאָלקס־מאסן איז אין קיין שום פאָרם נישט געקומען דאָרט צום אויסדרוק. ווייל — „פּאלעסטינע פענטעט אלעמען די הענט... מען קען באוואונדערן דעם פאָרשטייער פון דער אידישער אגענטור, נחום גאָלדמאַן — האָט געשריבן דער גענפער קאָרעספּאָנדענט פון דער דאָזיקער ציימונג — ווי ער פירט מיט אַן ערנסטער מינע זיינע דיפּלאָמאטישע שמועסן. די רעוויזיאָניסטן האָבן נאָך מיט עטלעכע טעג צוריק געפירט אונטערהאנדלונגען מיט דער פוילישער דעלעגאציע. איצט האָט אויך ווייצמאַן געהאט א שמועס מיטן פוילישן אויסערן־מיניסטער, בעק, וועלכער איז דאָך א פארבינדעטער אין דער פראגע וועגן א פארגרעסערטער איינוואנדערונגס־מעגלעכקייט קיין פּאלעסטינע...“

„מען קאָן דאָך נישט, — שרייבט די ציימונג אין א צווייטן אָרט, — בעטן ביי אַן אויסערן־מיניסטער א טובה אינם קאמף פאר פּאלעסטינע און גלייכצייטיק מאכן אים פאָרוואורפן צוליב דער אנטיסעמיטישער פּאָליטיק, וועלכע זיין רעגירונג פירט...“

* * *

אָבער דאָס זעלבע, וואָס עס טוען די ציוניסטן אויף דער אינטערנאציאָנאלער ארענע, טוען זיי אויך אין די לענדער פונם אידישן מאסן־לעבן. איך וואָלט זיך געקאָנט פאררופן אויף ביישפּילן פון פארשידענע לענדער — איך וויל זיך באנוגענען מיט פאקטן פון פוילן אליין.

ווער געדענקט עס נישט גרינבוימס באַרימט געוואָרענעם וואָרט פון יאָר 1927 וועגן דעם „מיליאָן איבעריקע אידן", וועלכע מ'מוז אַרויסנעמען פון פּוילן? ווער געדענקט עס נישט זיין נישט־ווייניקער באַרימט וואָרט פון יאָר 1928, אַז „די אידן פאַרפּעסטן די לופט אין פּוילן"? די פּוילישע אַנטי־סעמיטן געדענקען די דאָזיקע ווערטער אויסגעצייכנט און פרישן זיי אָפּ פון מאָל צו מאָל ביז היינט צו טאָג אין זכרון פון זייערע לעזער און הערער.

אָבער 1927, 1928 — דאָס זיינען דאָך געווען גן־עדן־יאָרן אין פאַר־גלייך מיט אונזער צייט. געוויס איז שוין דעמאָלסט דער לאָזונג „זשידזשי, דאָ פּאַלעסטיני!" (אידן קיין פּאַלעסטינע) געווען פּאָפּולער נישט בלויז ביי די ציוניסטן, נאָר אויך ביי די אַנטיסעמיטן. ווער אין דער פּוילישער געזעל־שאַפט האָט אָבער דאַן אויף אַ רעכטן אמת באַצווייפלט אונזער בירגער־רעכט אין לאַנד?

אָבער עס זיינען פאַרביי אַכט גורלדיקע יאָרן, עס איז געקומען דאָס יאָר 1936 — דאָס יאָר פון פּשיטיק, פון מינסק־מאַזאָוויעצקי, פון אַ ריי אַנדערע ראַטעס פון דעם זעלביקן מין. דער אָפּן פּאַשיסטישער לאַגער פון פּוילן האָט נישט נאָר געפּרעדיקט, נאָר אַקטיוו דורכגעפירט אין לעבן ווירט־שאַפטלעכן פאַרניכטונגס־קאַמף; געפאָדערט גוואַלדזאַמע מאַסן־עמיגראַציע און — געטאָ און נירענבערגער געזעצן פאַר די „צייטווייליק"־פאַרבליבענע; און מיט וואָרט און טאַט האָט ער געפּרעדיקט פיזישע גוואַלד אַלס מיטל צוצו־אייִלן יציאת פּוילן. אַפילו מצד דעם קאָפּ פון דער רעגירונג איז געפאַלן אין יענעם יאָר דאָס זייט דאַן באַרימט געוואָרענער וואָרט: „ווירטשאַפטלעכער קאַמף — אדרבא". די אידישע פאָלקס־מאַסן האָבן זיך געפילט באַדראָעט אין זייערע עלעמענטאַרע בירגער־און־מענטשן־רעכט, און זיי האָבן זיך מאָביליזירט צום קאַמף פאַר די דאָזיקע רעכט. דער שטרייק פון 17־טן מערץ, די מאַסן־קאַמ־פּאַניע אַרום דעם געפּלאַנטן קאָנגרעס צום קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם זיינען געווען אַן אויסדרוק פון דער דאָזיקער מאָביליזאַציע.

אין אָט דער צייט לאָזן זיך אַראָפּ קיין פּוילן דריי ציוניסטישע גדולים, מענטשן, וואָס רעפּרעזענטירן די פאַרשיידנסטע ריכטונגען אינם ציוניסטישן לאַגער, — בן־גוריון, גרינבוים, זשאַבאָטינסקי. יעדער פון זיי רופט — מעשה מלוכה־מאַן — אַ פּרעסע־קאָנפערענץ פון דער גאַנצער פּוילישער פּרעסע און יעדער פון זיין זייט גיט אויף זיין שטייגער אין הונדערט פּראָצענט גערעכט די פּוילישע אַנטיסעמיטן!

די איינציקע לייזונג פון דער אידן־פראַגע אין פּוילן, דערקלערט דער פּועלי־ציוניסט בן־גוריון, איז טאָטאַלע עמיגראַציע. די אידן זיינען טאַקע אַ

שטיין אין וועג פארן פוילישן פויער, פאר דער פרוי פון דעם פוילישן כער־זשאַנט, דערקלערט דער אַלגעמיינער ציוניסט ה' גרינבוים. די אידן דארף מען טאקע עוואקוּאירן פון פוילן און וואָס גיכער, דערקלערט דער אידישער „דוטשע" זשאבאָטינסקי.

אזוי ווי א דונער פון הימל איז אראָפּגעפאלן אויף די קעפּ פון דער אידישער באפעלקערונג פון פוילן יעדע פון די דאָזיקע דערקלערונגען. אָבער ווי דער העכסטער אויסדרוק פון פאָליטישער חכמה זיינען זיי אַלע דריי אויפגענומען געוואָרן פון דער גאנצער אנטיסעמיטישער פּרעסע. די ציוניס־טישע פובליציסטן פון פוילן, א חוץ די נארישסטע און אָפּגעריסענסטע — האָבן זיך געוואָרגן מיט דער דערקלערונג פון זייערע גדולים — ממש נישט אראָפּצושלינגען און נישט אויסצושפּייען. אָבער די אנטיסעמיטישע פּרעסע האָט דערקלערט בן־גוריונען, גרינבוימען און זשאבאָטינסקין פאר די גרעסטע און איינציק נאציאָנאלע פּאָליטיקער פון דעם אידישן פאָלק. דער אנטיסע־מיטישער „טשאס" האָט ברייט געעפנט זיינע שפּאלטן פאר דעם נושא כלים פונם „דוטשע"; דער אנטיסעמיטישער „קוריער ווארשאווסקי" האָט פאר־וואנדלט זשאבאָטינסקים בוך — „די אידישע מלוכה" שיעור נישט אין דער גרעסטער ליטעראַרישער געשעעניש פון אונזער צייט. וואָס ווילט איר מער? — יוליוס שטרייכער בכבודו ובעצמו האָט איבערגעדרוקט גרינבוימס דער־קלערונג און צוגעגעבן צו איר פון זיך:

— אָט דער גרינבוים איז אַן אַנשטענדיקער יוד...

דאָס איז געווען אין יאָר 1936 און היינט איז 1938. וואָס מיר זאָלן נישט טראכטן וועגן דעם א י נ ע ר ל ע כ ן מצב פון אינטערנאציאָנאלן פאשיזם היינט־צו־טאָג — אויסערלעך איז זיין השפּעה, צו ליב דער פאר־ברעכערישער און זעלבסטמערדערישער פּאָליטיק פון די מערב־אייראָפּעאישע דעמאָקראטיעס, באדייטנדיק אויסגעוואקסן פאר דער צייט. דאָס פילן אַלע, און דאָס פילן אויך מיר אין פוילן. נאָר וואָס האָט אָפּגעהאלטן זיין זיצונג דער הויפּט־ראט פון אַן אָרגאניזאציע („אָזאָן" איז איר גאנגבארער נאָמען), וואָס האָט פאקטיש פארנומען דעם אָרט פון דער געוועזענער, אין יאָר 1935 פאנאנדערגעלאָזטער רעגירונגס־פּארטיי פון פוילן. און אויף דער דאָזיקער זיצונג איז אָנגענומען געוואָרן א פּראָגראם וועגן דער אידן־פּראגע, וואָס דעקט זיך פולשטענדיק מיט דעם פּראָגראם פון די פארביסענע אנטיסעמיטן פונם אזוי־גערופענעם „נאציאָנאלן לאגער".

די אידישע באפעלקערונג פון פוילן איז דערקלערט געוואָרן פאר אַן „אויסער־מלוכהשער גרופּע", וואָס מיט איר עצם־עקזיסטענץ „שוואכט זי אָפּ

די נאָרמאַלע אנטוויקלונג פון די פוילישע נאַציאָנאַלע און מלוכה כחות און שטייט אין וועג פון דער עוואָלוציע, וואָס קומט איצט פאָר אין פוילן". עס מוז דעריבער רעדוצירט ווערן דער אידישער אָנטייל אינםווירטשאַפטלעכן לעבן פון לאַנד; עס מוז רעדוצירט ווערן די צאָל אידן אין די שולן; עס מוז געשיצט ווערן קעגן אידישע איינפלוסן די פוילישע קולטור. דאָס אַלץ — עווענטועל — מיט דער הילף פון אנטשפּרעכנדיקע געזעצגעבערישע אַקטן. אָבער דאָס אַלץ איז בלויז אַ טיילווייזע „לייזונג" פון דער אידן־פראַגע. איר „גרונט־לייזונג" איז — עמיגראַציע: קיין פּאַלעסטינע און אַנדערשוואו, ווייל פּאַלעסטינע אַליין איז צו ווייניק.

דאָס איז בקיצור דער פּראָגראַם. די פּרעסע קאָמענטאַרן צום פּראָגראַם זיינען אויסגעהאַלטן אינם גוט באַקאַנטן אנטיסעמיטישן העץ־סטיל. און בלויז איין אידישע אינם אידישן לעבן האָט געפונען סיי ביי די מחברים פון פּראָגראַם, סיי ביי זיינע קאָמענטאַטאָרן „רעספּעקטפולע אנערקענונג", און דאָס איז — דער ציוניזם.

עס קאָן די ציוניסטן פון אַזעלכע „קאָמפּלימענטן" נישט צוקומען קיין געזונט. אָבער פּנים אל פּנים מיט דעם אויבן־געזאָגטן מוז יעדער אָביעקטיווער מענטש מודה זיין: „זיי האָבן די קאָמפּלימענטן בשר פאַרדינט!"

* * *

צי גלויבט פּראָפ. דובנאָוו, אַז דאָס אַלץ זיינען בלויז „שיינהייטס־פעלערן" אויף דעם חנעוודיקן פּנים פונם ציוניזם? קליינע אומפּינקטלעכקייטן אין דער אַרבעט פונם ציוניסטישן מעכאַניזם? צי מיינט ה' דובנאָוו טאַקע, אַז דאָס וואָס ער אַליין באַצייכנט אינם ציוניזם, אַלס — „סכנה פאַר דער וועלט־נאַציע", פּונקט ווי די אַלע פאַקטן, וועלכע איך האָב אויבן ציטירט, זיינען ניט מער ווי — אַ צופעליקייט? אַ טאַקטישער פעלער, וואָס לאָזט זיך באַזייטיקן דורך אַ גוטער עצה און ביי אַ גוטן ווילן?

אויב פּראָפ. דובנאָוו מיינט אַזוי, דאַן איז דאָס אַ באַווייז, אַז ער אָפּערירט מיט פיקציעס, אַז אים איז פרעמד דער לעבעדיקער און ווירקענדיקער ציוניזם. דער ציוניזם איז דאָך אַלע מאָל געווען אַ סיאַמער ברודער פון אַנטיסעמיטיזם, פון יעדן מין נאַציאָנאַלן שאָוויניזם. די טעאָריע, אַז אין יעדן לאַנד איז פאַראַן אַ „נאַציע־באַלעבאָס", לעבן וועלכער עס קאָנען עקזיסטירן בלויז „נאַציעס־געסט", איז דאָך נישט נאָר די טעאָריע פון אַנטיסעמיטיזם — דאָס איז אויך די טעאָריע פון ציוניזם! די ציוניסטן האָבן קיינמאָל אויף אַ

רעכטן אמת נישט געגלויבט, אז אידן קומט טאקע דאָס רעכט צו זיין בירגער מיט אלע איבעריקע צוגלייך; זיי האָבן זיך פאקטיש, אין דער טיפעניש פון זייער הארץ באטראכט אין די „גלות־לענדער" פאר בירגער פון דער צווייטער אָדער דריטער מדרגה. א סך פון זיי פארמאָגן דעם מרויעריקן מוט דאָס ארויסצוזאָגן אָפן. און זייער חלום איז דעריבער אלעמאָל געווען — זיך אליין ענדלעך צו קאָנען אויסלעבן אין פאלעסטינע, אלס נאציע־באלעבאָס, פארוואנדלענדיק די אראבער אין א נאציע־גאסט. די „אייגנארטיקייט" פון דער לאגע וואָלט דאן בלויז באשטאנען דערין, וואָס זיי, די צוגעפאָרענע, וואָלטן געווען דער באלעבאָס, בעת די איינגעבאָרענע וואָלטן געשפילט די ראָל פונם גאסט...

דאָס געזעץ פון גוואלט, פון נאציאָנאליסטישער רעאקציע, האָט דער ציוניזם שטענדיק באטראכט פאר דעם נאָרמאלן געזעץ פון דער געשיכטע און אויף אָט דעם געזעץ האָט ער געבויט די פערספעקטיוון פונם אידישן לעבן. פאר יעדער זיגרייכער פרייהייטס־באוועגונג פלעגט ער אין משך פון זיין 40־יעריקער עקזיסטענץ שטיין אלע מאָל א פארלוירענער, אן אומבאהאָלפענער. היינט וויל ער אונזער דם־שונא, דעם אנטיסעמיטיזם, פארוואנדלען אין א פארבינדעטן פון אידישן פאָלק און איז אזוי ארום אליין פארוואנדלט געוואָרן אין א פארבינדעטן פון אנטיסעמיטיזם.

אָ, געוויס: אויב די צוקונפט פון דער מענטשהייט זאָל טאקע געהערן דעם פאשיזם, דאן וואָלט זיך די היסטאָרישע פערספעקטיוו, וועלכע עס מאָלט דער ציוניזם, ארויסגעוויזן פאר ריכטיק, דאן וואָלט אונז ווירקלעך דערווארט אין „גלות" בלויז — אומקום, פארניכטונג. אָבער דאן וואָלטן אומקום און פארניכטונג געווען דער גורל פון צענדליקער מיליאָן, אפשר פון הונדערטער מיליאָן אנדערע, א חוץ אונז; דאן וואָלטן אומקום און פארניכטונג געווען דער גורל פון דער גאנצער מענטשלעכער ציוויליזאציע און קולטור. צי וואָלט דער ציוניזם געווען דאן בכוח אונז א י נ ע א ל י י ן צו ראטעווען פונם פאשיסטישן מבול? לעכערלעך אפילו וועגן דעם צו טראכטן! אָבער דאן וואָלט, אלס זיין איינציקער „היסטאָרישער פארדינסט", פארבליבן — זיין „טעאָרעטישע" ב א ר ע כ ט י ק ו נ ג פ ו ן א נ ט י ס ע מ י ט י ז ם.

* * *

איך האָב מיט א כיון אויסגעמיטן צו רעדן וועגן דער אָפטמאָל־העסלעכער, אָפן רעאקציאָנערער ראָל, וועלכע עס שפילט דער ציוניזם אינם אינערלעכן לעבן אין פוילן, אָדער רומעניע. איך לאָז אָן א זייט אזעלכע „בלימעלעך", ווי די „פייערלעכע פארזיכערונג", וועלכע עס האָבן מיט א קורצער

צייט צוריק אָפּגעגעבן מוסאָלינין די ציוניסטישע פירשטייער פון דעם אידישן וועלט־קאָנגרעס, אז „די אידן האָבן קיינמאָל דעם פאשיזם נישט באַקעמפט”. איך האָב זיך באַמיט צו שילדערן אויסשליסלעך די פּאָליטישע ראָל פונם ציוניזם אינם אידישן לעבן (זייער קולטור־ראָל איז א קאפּיטל פאר זיך), און איך מיין, אז נאָך דעם אַלעמען קאָן נישט פּראָפ. דובנאָוו דערוואַרטן פון אונז, מיר זאָלן באַטראַכטן דעם ציוניזם פאר א „באַפרייענדיקער דעמאָקראַטישער באַוועגונג”, פאר „א גרויסער פאָלקס־באַוועגונג, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע אַנדערע (?) פּראָגרעסיווע, דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע פּאַרטייען (?)”, אָדער מיר זאָלן נתפּעל ווערן פונם פּאַטעטיש קלינגענדיקן, פונם ציוניסטישן לעקסיקאָן אַרויסגענומענעם וואָרט וועגן דער „אויפלעבונג פון פּאַלעסטינישן צענטער, אַלס דעם גרעסטן וואונדער פון דער אידישער געשיכטע”.

פּראָפ. דובנאָוו איז גערעכט, אז ס'איז נויטיק אָנצושטרענגען אַלע כחות צום קאַמף „קעגן דער רעאַקציאָנערער פיינטלעכער וועלט, וואָס איז לעצטנס געוואָרן א געפאַר פאר אַלע פעלקער”. אָבער פאר דעם דאָזיקן קאַמף מוזן מיר זוכן אַנדערע שותפים, ווי די ציוניסטן. דאָס איז היינט נישט בלויז די מיינונג פון „בונד” — דאָס איז די מיינונג פון די ברייטסטע שיכטן פון די אידישע פאָלקס־מאַסן אין פּוילן און פון די אנטוישטע, פאַרביטערטע אידישע מאַסן אין פּאַלעסטינע.

„די צוקונפט”, ניו־יאָרק, אָקטאָבער 1938.

# דער עיקר פון בונדיזם

.1

דער „בונד“ לעבט, ווירקט און אנטוויקלט אַן אינטענסיווע און אַלזייטיקע טעטיקייט סיי אויף דעם נאציאָנאַלן, סיי אויף דעם אינטערנאציאָנאַלן געביט. די גרויסע מאסן ארבעטער און ארבעטער־יוגנט, וואָס הערן זיך צו צו זיין וואָרט און גייען נאָך מיט באַגייסטערונג נאָך זיין פאָן, זיינען דער בעסטער באַוויז, אַז דער „בונד“ האָט אין דער פולער מאָס איינגעהאַלטן זיין יוגנטקראַפט, אַז היינט, ווי אין די ערשטע יאָרן נאָך זיין אַנטשטייאונג, איז ער — דער אויסדרוק פון די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פון אידישן ארבעטער־קלאַס.

מיר האָבן דאָס צו פאַרדאַנקען דעם מאַסן־כאַראַקטער און טיפן אינערלעכן דעמאָקראַטיזם פון אונזער באַוועגונג. די דאָזיקע אייגנשאַפטן האָבן אָפּגעהיט דעם „בונד“ פון פאַרגליווערטקייט און געגעבן די מעגלעכקייט צו קאָנטראָלירן און קאָרעגירן זיינע פרינציפּן און לאָזונגען אינם פייער פון דערפאַרונג. אָבער די בונדישע באַוועגונג וואָלט, פאַרשטייט זיך, נישט געהאַט דערגרייכט דעם מאַסן־כאַראַקטער, וועלכן זי האָט אַלע מאָל געטראָגן, ווען אירע פרינציפּן און לאָזונגען וואָלט נישט אַנטשפּראָכן די באַדערפענישן פון דער אידישער אַרבעטער־מאַסע און די געבאָטן פון דער צייט.

אין וואָס באַשטייט דער עיקר פון בונדיזם און אין וואָס פאַר אַ מאָס האָט זיך דער בונדיזם אין לעבן באַרעכטיקט?

די, וואָס ריידן וועגן דער געשיכטע פון „בונד“, האָבן געוויינלעך אין זינען דעם „אלגעמיינעם אידישן ארבעטער בונד פון ליטע, פוילן און רוסלאַנד“. אָבער דער דאָזיקער „בונד“ האָט פאַקטיש עקזיסטירט בלויז ביז 1914־15. די גרויסע וועלט־מלחמה האָט צעריסן דעם „בונד“ אויף באַזונדערע טיילן. דער „בונד“ אין ראַטן־פאַרבאַנד עקזיסטירט היינט בלויז אין

פּאַטענץ. אויסער דעם זיינען אויפן שטח פונם אמאָליקן רוסלאַנד אנטשטאַנען — דער „בונד“ אין לעטלאַנד און דער „בונד“ אין פּוילן, וואָס האָט, א חוץ געוועזענע רוסלענדער טעריטאָריעס, ארומגענומען אויך מערב־ און מזרח־גאַליציע. און עס איז אנטשטאַנען פאר די לעצטע יאָרן א „בונד“ אין רומעניע. די געביטן, וועלכע אָט דער סאַמע אינגסטער „בונד“ נעמט ארום, האָבן — אויסער בעסאַראַביע — קיינמאָל צו דער „טעריטאָריע“ פון אמאָליקן פארמלחמהדיקן „בונד“ נישט געהערט. אָבער די סאָציאַליסטישע אידישע אַרבעטער־באַוועגונג פון רומעניע האָט זיך לויט איר אייגענעם און פרייען אויסוואַל באַהאַפטן אין די טראַדיציעס פון „בונד“ און איבערגענומען זיין אידעאָלאָגיע.

ווען מיר ריידן היינט וועגן דער געשיכטע פון „בונד“, וועגן עיקר פון בונדיזם, מוזן מיר דעריבער האָבן אין אויג נישט נאָר דעם פארמלחמהדיקן „אלג. אידישן אַרבעטער בונד פון ליטע, פּוילן און רוסלאַנד“, נאָר אויך אלע נאָך־מלחמהדיקע „בונדן“, און פריער פאר אלץ — דעם „בונד“ אין פּוילן, דעם אייגנטלעכן יורש פונם אמאָליקן „בונד“.

דעם בונדיזם האָבן אויסגעצייכנט און צייכנען אויס ביזן היינטיקן טאָג דריי זאַכן: 1) דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פּרינציפּ, 2) דער ענטפער אויף דער אידישער פראַגע און 3) די באַציאונג צו די צענטראַלע פּראָבלעמען פון דער אלגעמיינער ארבעטער־באַוועגונג.

.2

דער ארבעטער־קלאַס פון יעדער נאַציע מוז האָבן זיין אייגענע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו דער שפּראַך און אנדערע נאַציאָנאַלע באַדינגונגען פון דער געגעבענער סביבה — דאָס איז דער פּרינציפּ, וועלכן ס'האָט פון דער ערשטער מינוט פון זיין אַנטשטייאונג פאַרטיידיקט דער „בונד“. ער האָט געזאָגט: די אלגעמיינע לאַנד־פּאַרטיי, וואָס מוז אויך א נאַטירלעכן אופן זיין פריער פאר אלץ צוגעפּאַסט צו די לעבנס־באַדינגונגען פון דער נאַציאָנאַלער מערהייט פון לאַנד, קאָן געווינען פאַר סאָציאַליזם מער אָדער ווייניקער באַדייטנדיקע טיילן פון ארבעטער־קלאַס פון די איבעריקע פעלקער; אָבער אַריינדרינגען אין דער טיפעניש פון אַרבעטס־פאָלק, אויפטרייסלען אים ביזן גרונט און צופירן אים אין גרויסע, קאָמפּאַקטע מאַסן צו דער סאָציאַליסטישער פאָן, — דאָס איז אוממעגלעך צו טאָן נאָר אַן אַרגאַניזאַציע, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין שויס פון דער געגעבענער אַרבעטער־מאַסע.

## דאָס פּרעזידיום פון 4־טן צוזאמענפאָר פון „בונד" אין פּוילן




בײם טיש זיצן פון לינקס צו רעכטס די פּאָרזיצער פון צוזאמענפאָר:
י. ליכטנשטיין, א. קרעמער (ערן־פּאָרזיצער); נח, ח. וואסער. ביי דער טריבונע ה. ערליך. בײם ווינקל רעכטס: ש. זיגלבוים (ארטור).

דער אַרבעטער־קלאַס פון יעדער נאַציע מוז האָבן זיין אייגענע אָרגאַני־זאַציע, אָבער נישט זיין אייגענע פּאַרטיי. אין אַ לאַנד מיט עטלעכע נאַציעס, דאַרף עקזיסטירן איין פּאַרטיי מיט אַזוי פיל אויטאָנאָמע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, וויפל עס זיינען פאַראַן נאַציעס אין לאַנד.

דער „בונד" איז אַנטשטאַנען מיט אַ יאָר פריער, איידער ס'איז גע־גרינדעט געוואָרן די רוסלענדער סאָציאַליסטישע אַרבעטער פּאַרטיי. אָבער באַלד ביי זיין אַנטשטייאונג האָט ער זיך באַטראַכט פאַר אַ טייל פון דער קומענדיקער לאַנד־פּאַרטיי. און ווי נאָר די ר. ס. ד. אַ. פּ. איז — ביי דער אַקטיווער מיטווירקונג פון „בונד" — געגרינדעט געוואָרן, האָט דער „בונד" אויף אַ נאַטירלעכן אויפן פאַרנומען אין אירע רייען אַן אָרט אַלס אויטאָנאָ־מער טייל. דער „בונד" אין פּוילן איז ביז היינטיקן טאָג אַ פולשטענדיק זעלב־שטענדיקע פּאַרטיי, אָבער — נישט דערפאַר, ווייל מיר באַטראַכטן דאָס פאַר בעסער, ווייל מיר זיינען אָפּגעטראָטן פונם טראַדיציאָנעלן אָרגאַניזאַציע־פּרינציפּ פון „בונד", נאָר ווייל די באַדינגונגען אין פּוילן זיינען נאָך נישט רייף פאַר דער אַנטשטייאונג פון איין פּאַרטיי, ווייל די סאָציאַליסטישע פּאַר־טיי פון פּוילישן פּראָלעטאַריאַט האָט זיך נאָך ביז היינט צו טאָג נישט אַנט־שלאָסן אַרויסצוגיין פון איר נאַציאָנאַלער באַגרענעצטקייט, צו ווערן אַ לאַנד־פּאַרטיי, אָנשטאָט אַ נאַציאָנאַל־פּוילישע פּאַרטיי, צו ווערן פון אַ פּוי־לישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.) אַ סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון פּוילן (ס. פּ. ס.).

איך באַטאָן דאָס ספּעציעל דערפאַר, ווייל ס'איז נישט איינמאָל אויס־געקומען צו הערן אויף אונזער אַדרעס דער פאָרוואורף אין „סעפּאַראַטיזם".

צי האָט זיך אונזער אָרגאַניזאַציע־פּרינציפּ באַרעכטיקט? דאָס לעבן האָט דאָס באַשטעטיקט סיי מיט פּאָזיטיווע, סיי מיט נעגאַטיווע באַווייזן. די אידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין לעטלאַנד, אין רומעניע, אין אַמעריקע האָט זיך געמוזט בויען לויט דעמזעלביקן פּרינציפּ. אין פראַנקרייך, וואו די אי־דישע אימיגראַציע האָט אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער, שטייט היינט פאַר דער אידישער אַרבעטערשאַפט די פראַגע וועגן אַן אייגענער אידישער מאַסן־אָרגאַניזאַציע. און אויך די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט גע־מוזט אַוועקשטעלן אויף איר טאָג־אָרדנונג די פראַגע וועגן איבערבויען די פּאַרטיי אויף נייע יסודות.

און דער נעגאַטיווער באַווייז איז — דער ראַטן־פאַרבאַנד. די רוסלענ־דישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט פאַרוואָרפן דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן פּרינציפּ פון „בונד". זי האָט דעם „קאָמבונד" געצוואונגען פונאַנדערצולאָזן זיין אָרגאַ־

## דער 5־טער אויסערארדנטלעכער צוזאמענפאר פון „בונד״

פארגעקומען אין לאדזש 1930



די דעלעגאטן אין זאל

ניזאציע און זיך אויפצוליזן אין דער אַלגעמיינער קאַמי. פּאַרטיי. און דער רע־זולטאַט איז, אַז מיר האָבן אין ראטן־פאַרבאַנד א גרויסע אַרבעט פאַר די אי־דישע ארבעטער, אָבער קיין אידישע ארבעטער־באַוועגונג אַלס אזעלכע, איז דאָרט נישטאָ. און זי וואָלט ביי דעם איצטיקן בוי פון דער סאָוועטישער קאָמ. פּאַרטיי נישט געקאָנט עקזיסטירן אפילו דאַן, ווען אין דער אַלגעמיינער פּאַר־טיי וואָלט געהערשט מער אינערלעכע דעמאָקראַטיע, איידער עס הערשט דאָרט היינט צו טאָג. אָבער אויך אין ראטן־פאַרבאַנד צווינגט דאָס לעבן די אידישע קאָמוניסטן אין זייער פּראַקטישער אַרבעט צו מאַכן הנחות דעם פּרינ־ציפּ פון אויטאָנאָמיע.

.3

אויב דער קאַמף פאַר אונזער אָרגאַניזאַציאָנעלן פּרינציפּ קאָן באַטראַכט ווערן פאַר מער אָדער ווייניקער פאַרענדיקט, איז עס נאָך נישט אזוי מיט אונזער קאַמף פאַר דעם ריכטיקן ענטפער אויף דער אידן־פראַגע. אָבער פאַר דער צייט האָט זיך אָנגעזאַמלט אזוי פיל דערפאַרונג, אז אויך בנוגע דער דאָזיקער פראַגע קאָנען מיר היינט מיט מער זיכערקייט, ווי ווען נישט איז זאָגן: געוויסע זיינען מיר און נישט די, וואָס שטייען מיט אונז אין קאַמף.

פאַר דעם היינטיקן דור בונדיסטן איז עס כמעט ווי אַן אומפאַרשטענד־לעכע זאַך, אַז דעם „בונד" איז אויסגעקומען אמאָל צו פירן אַזא העפטיקן קאַמף קעגן אסימילאַציע. איך וואָלט געוואָלט, מען זאָל מיך ריכטיק פאַר־שטיין. איך רייד דאָ נישט וועגן פּראַקטישער אסימילאַציע, נישט וועגן אסי־מילאַציע, אַלס איינעם פון די פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אין אידישן לעבן: די עקזיסטענץ פון אַזאַ פּראָצעס האָט דער „בונד" קיינמאָל נישט געלייקנט. איך רייד וועגן אַסימילאַציע אַלס איינע פון די אידעאָלאָגיעס אין דער אי־דישער געזעלשאַפט. אסימילירטע אידן פעלט נישט אויף דער וועלט, און איינצלנע פּערזאָנען (אידן און נישט־אידן), וואָס האַלטן אסימילאַציע אַלס אַ לייזונג פון דער אידן־פראַגע, זיינען נאָך אויך היינט פאַרבליבן, אָבער עס איז שוין היינט כמעט ווי ניטאָ אין אונזער ווירקונגס־קרייז נישט נאָר קיין פּאַרטיי, נאָר אפילו קיין מער אָדער ווייניקער באַדייטנדיקע גרופּע, וואָס זאָל פּאַרטיידיקן אסימילאַציע אַלס פּראָגראַם. סיי פּ.פּ.ס., סיי קאָמוניסטן אָנער־קענען היינט דאָס רעכט פון דער אידישער מאַסע אויף אַ שול אין דער מו־טער־שפּראַך (אידיש), די רעכט פון דער אידישער שפּראַך אין געריכט און אַדמיניסטראַציע.

עס איז פאַרבליבן אין דער פולער מאָס אויפן געביט פון דער נאַציאָ־נאַלער פראַגע אונזער גרויסער שטרייט מיטן אידישן בירגערטום, ריכטיקער

— מיטן ציוניזם, אלס דעם איינציק פארבליבענעם מין טעריטאריאליזם. אבער אין א געוויסן זין האט דאס לעבן אויך דא געמאכט א ריינעם טיש.

ווייל — ווי פארביסן עס זאל נישט זיין דער קאמף, וועלכן די ציוניסטן פירן ביזן היינטיקן טאג קעגן בונדיזם, איין זאך האבן זיי געמוזט מודה זיין: די האפנונג, אז עס וועט זיך איינגעבן צונויפצוברענגען קיין פאלעסטינע, אויב נישט אלע אידן פון דער וועלט, איז ווייניקסטנס — דעם גרעסטן טייל פון זיי, און אז דער ציוניזם קאן אזוי ארום באטייטן א לייזונג פון דער אידן־פראגע בכלל — די דאזיקע האפנונג האט זיך ארויסגעוויזן פאר א חלום, פאר א מיראזש. צי עס וועט זיך יא איינגעבן אריינצופירן און אריינצושמוגלען קיין פאלעסטינע נאך 200, 300 אדער גאר 500 טויזנט אידן, צי די אראבער צוזאמען מיטן ענגלישן אקופאנט וועלן באוויזן צו דערפירן די אידישע עמיגראציע צו א מינימום — די גרויסע פראגע: „וואס ווייטער" — וועלכע שטייט פאר די אידישע פאלקסמאסן אין די א. ג. „גלות־לענדער" וועט דורכן ציוניזם נישט קאנען ווערן פארענטפערט. עס וועט זיין אפהענגיק פון דער פאליטיק, וועלכע עס וועלן פירן די ציוניסטן אין פאלעסטינע, צי דער דארטיקער אידישער ישוב וועט זיך אנטוויקלען נארמאל, אדער ער וועט איבערלעבן קאטאסטראפאלע דערשיטערונגען, אבער פאר יעדן מענטשן מיט אפענע אויגן איז שוין היינט קלאר: פאלעסטינע קאן זיין און בלייבן נישט מער ווי — נאך איין „גלות"־לאנד אין דער וועלט.

דאס איז איין פאקט. און דער צווייטער איז — דער ראטן־פארבאנד. מיר זיינען אלע מאל געווען אבסאלוט פריי אין דער באציאונג צו דעם, וואס עס קומט פאר אין ראטן־פארבאנד. מיר האבן זיך קיינמאל נישט אפגעשטעלט פאר דער ביטערסטער קריטיק לגבי דעם, וואס מיר האבן געהאלטן פאר שלעכט סיי אין דער אינערלעכער, סיי אין דער אינטערנאציאנאלער פאליטיק פון דער ראטן־מאכט. אבער מיר האבן שטענדיק אין דער פולער מאס אנערקענט דאס גרויסע און אומפארמיידלעכע, וואס עס האט געשאפן די רוס־לענדער רעוואלוציע. און דעריבער, שטעלן מיר אויך פעסט: בלויז מענטשן, וואס זיינען פארבלענדט פון האס, קאנען לייקענען, אז אזוינס, וואס ס'איז אויפגעטאן געווארן אויפן געביט פון דער אידן־פראגע אין ראטן־פארבאנד, איז נישט געווען קיינמאל און אין ערגעץ נישט אויף דער וועלט.

געוויס — די אידישע מאסן אין ראטן־פארבאנד לעבן נאך ביז היינט ביי שווערע באדינגונגען. אבער די באדינגונגען פון זייער לעבן זיינען איצט אזוי שווער, אדער פונקט אזוי לייכט, ווי די, אין וועלכע עס לעבן אלע איבעריקע בירגער פון לאנד. די ליידן פון די אידישע בירגער זיינען א רע־

# אין די שווערע יאָרן פון מלחמה און אָקופּאַציע



פירער און טוער פון „בונד" אין דייטשן געפאַנגענלאַגער אין לאַובאַן.
זיצנדיק: דוד מייער, גרשון זיבערט, סאָניע טשעמעליגסקא-נאָוואָגרודזקי, נ.ה., חיים וואַסער. שטייענדיק: נאַטאַן שאַפּראַן, עמנואל נאָוואָגרודזקי, וויקטאָר שולמאַן, אינזש. א. העלער, יוסף ליפשיץ („באָסאַק").



א גרופּע בונדיסטן און צוקונפטיסטן אין דייטשן געפאַנגענלאַגער אין מאָדלין.
עס זיצן פון לינקס צו רעכטס: האַלאַנד, אינזש. ציגע, וואַסער, מושקאַט, בנימינקע וואַלקער, לעווין. עס שטייען פון לינקס צו רעכטס: ראובן צוקערמאַן, נאַטאַן פרענקעל, הערשל גוטגעשטאַלט, בירנבוים, אַלבערט בערנשטאַק.

זילטאַט אָדער פון די שוועריקייטן, מיט וועלכע עס מוז זיך ראַנגלען די ראַ־
מן־מאכט, אָדער פון די פעלערן פון איר פּאָליטיק, אָבער באַין אופן נישט פון
א ספּעציפיש אנטי־אידישער איינשטעלונג פון דער מאכט. די פילע הונ
דערטער טויזנטער אידן, וואָס זיינען אַריינגעפירט געוואָרן אין דער סאָוועט
ישער גרויס־אינדוסטריע, אָדער באַזעצט געוואָרן דאָרט אויף ערד, האָבן
פילשטענדיק געביטן די סאָציאַלע סטרוקטור פון דער אידישער געזעלשאַפט.

און דאָס באַשטעטיקט אונזער אַלטן בונדישן כלל, אַז — נאָר דאָרט,
וואו די אידישע מאַסן וואוינען און נאָר אין רעזולטאַט פון אַ ראַדיקאַלער
פּאָליטישער און סאָציאַלער איבערקערעניש, קאָן געפינען איר לייזונג סיי די
סאָציאַלע, סיי די נאַציאָנאַלע פּראָבלעם פון די אידישע מאַסן. מיט אַנדערע
ווערטער: אויף דער פראגע: „דאָ אָדער דאָרט" — וואָס איז דאָך אַלע מאָל
געווען די הויפּט שטרייט פראגע צווישן אונז און דעם ציוניזם, האָט דאָס
לעבן אומצווייידייטיק געענטפערט: „דאָ!"

בלייבט נאָך צו כאַראַקטעריזירן די שטעלונג פון בונד" צו די גרונט־
פּראָבלעמען פון דער אַלגעמיין פּראָלעטארישער באַוועגונג.

דער „בונד" איז געווען א טייל פון דער ר.ס.ד.אַ.פּ. און גענומען דעם
אַקטיווסטן אָנטייל אינם לעבן פון דער דאָזיקער פּאַרטיי, אין אירע העפ־
טיקע אינערלעכע אידעישע שמרייטן. אַלס אַנטשידענער אָנהענגער פון איינ־
הייט און געשלאָסנקייט אין דער ארבעטער־באַוועגונג, האָט זיך דער „בונד"
באַמיט צו לינדערן די העפטיקייט פון די פראַקציאָנעלע קאַמפן, וואָס האָבן
צעריסן די פּאַרטיי.

די ערשטע מלחמה־יאָרן האָבן אָפּגעשניטן דעם „בונד" אין פּוילן
פונם אַלגעמיינעם אידישן ארבעטער־בונד אין ליטע, פּוילן און רוסלאַנד.
און ווען נאָך די אומבאַשרייבלעכע שווערע יאָרן פון מלחמה און אָקופּאַ־
ציע איז געקומען דער שטורעם־ און דראַנג־פעריאָד פון די נאָך־מלחמה־
יאָרן, האָט שוין דער „בונד" אין פּוילן, אַלס זעלבסטשטענדיקע פּאַרטיי, גע־
מוזט נעמען אַ שטעלונג צו אַלע קאָלאָסאַלע פּראָבלעמען, וואָס האָבן זיך
אויפגעשטעלט פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער וועלט.

אונטער דעם איינדרוק פון דעם גיגאַנטישן פאַרנעם פון דער רוסלענדער
רעוואָלוציע, איז אַ גרויסער טייל פון אייראָפּעאישן פּראָלעטאַריאַט מיטגעריסן
געוואָרן מיטן קאָמוניסטישן שטראָם. ווען מען פאַרגלייכט דעם היינטיקן
צושטאַנד פון אינטערנאַציאָנאַלן קאָמוניזם מיט דעם, וואָס ס'איז געווען אין
די יאָרן 1920 - 1919, איז עס פּשוט נישט צו גלויבן, ווי גיך די קאָמוניסטן
האָבן פאַרטאַכלעוועט דאָס, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט.

**אויף דער טרויער־אקאדעמיע אין ווארשע נאָך ביניש מיכאלעוויטש**



עס רעדט: ה. ערליך. אין פּרעזידיום: נח און י. כמורנער.

אָבער דאָן איז דער קאָמוניזם, אַלס אויסשטראַלונג פון דער רוסלענדער רעוואָלוציע, געווען אַרומגערינגלט מיט אַ געוואַלטיקן אָרעאָל. די אידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין פוילן האָט נישט אויסגעמיטן דעם גורל פון דער אַרבעטער באַוועגונג אין דער גרויסער וועלט: דער ערשטער א. ג. פאַרייני־קונגס־צוזאַמענפאָר פון „בונד" אין פוילן (פאַרייניקונג מיט דער אידישער ס. ד. פּאַרטיי פון גאַליציע) האָט דערנענטערט דעם בונד" צו קאָמוניסטי־שע פּאָזיציעס.

אָבער דער רעאַליזם פון אונזער באַוועגונג און איר טיפער אינערלע־כער דעמאָקראַטיזם האָבן עס געמאַכט אומעגלעך, אַז אונזער פּאַרטיי זאָל זיך אויף די דאָזיקע פּאָזיציעס קאָנען איינהאַלטן. ס'איז כמעט נישט פאַראַן קיין פּאַרטיי אויף דער וועלט, וואָס איז נישט געווען אַרויס אין יענעם פּע־ריאָד אַ צעשעדיקטע, אַ געשפּאָלטענע. דער פּרייז, וועלכן דער „בונד" אין פוילן האָט באַצאָלט פאַר זיין דערפאַרונג מיטן קאָמוניזם, איז געווען פאַר־העלטניסמעסיק אַ נישטיקער. ווען דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון „בונד" האָט אָפּגעוואָרפן די „21 באַדינגונגען" פון קאָמינטערן, האָבן דעם צוזאַמענ־פאָר פאַרלאָזט פינף פון פופציק דעמאָקראַטיש געוויילטע דעלעגאַטן. אָט דעם נישטיקן פּרייז האָבן מיר צו פאַרדאַנקען נישט בלויז דעם דעמאָקראַטישן בוי פון אונזער באַוועגונג, נאָר אויך דער טיפער אינערלעכער צוזאַמענגעבונדנ־קייט וואָס האָבן פון אייביק אָן אויסגעצייכנט דעם „בונד".

דער „בונד" אין פוילן האָט זיך גיך צעשיידט מיט די קאָמוניסטישע אילוזיעס. נאָך אַ ריי יאָרן פון ליידנשאַפטלעכע אָבער חברישע אינערלעכע שטרייטן האָט דאָס באַקומען אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן אויסדרוק אינם אָנשלוס אין סאָציאַליסטישן אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל. אָבער דער „בונד" האָט איינגעזאַפּט אין זיך די אומגעהויערע דערפאַרונג פון די נאָך־מלחמהדיקע רעוואָלוציעס און פון דעם אַלעמען, וואָס איז געשען נאָך זיי, און — אויפן גרונט פון דער דאָזיקער דערפאַרונג און אין הסכם מיט די פּרינציפּן פון רע־וואָלוציאָנערן מאַרקסיזם און זיינע אייגענע פּאַרטייאישע טראַדיציעס — פאָרמולירט זיין שטעלונג צו די גרונט־פּראָבלעמען פון אונזער צייט.

מיר זיינען קעגן רעפאָרמיזם. מיר פאַרוואַרפן די אילוזיע, אַז דער סאָ־ציאַליזם קאָן אויף אַ פרידלעכן ריין דעמאָקראַטישן אויפן אַריינוואַקסן אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. מיר פאַרשטייען די גרויסע באַדייטונג פון די א. ג. דעמאָקראַטישע פרייהייטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער אַר־בעטער באַוועגונג אין די ראַמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, אָבער די דערפאַרונג פון די לעצטע יאָרן, ספּעציעל אין דייטשלאַנד און עסט־

רייך, האָט בולט באַוויזן די באַגרענעצטקייט פון דער א. ג. פאָרמעלער דעמאָקראַטיע אין קאמף פאר סאָציאַליזם. און דעריבער ווייסן מיר, אז אָן די מעטאָדן פון רעוואָלוציאָנערן קלאסן־קאמף וועט זיין אוממעגלעך צו פאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליזם, און אז דער וועג צו אמתער, ד. ה. סאָציאַליסטישער דעמאָקראַטיע פירט דורך אַ פאָריבערגייענדיקער תקופה פון דיקטאַטור פון די רעוואָלוציאָנערע קלאַסן.

אָבער פונקט ווי מיר פארווארפן דעם רעפאָרמיזם, אַזוי פאַרוואַרפן מיר אויך דעם קאָמוניזם. מיר זיינען קעגן דער אנטי־מארקסיסטישער טאקטיק פון די קאָמוניסטן, אונז איז ווילד־פרעמד דער רעזשים פון אומפרייהייט, פון פרייסישער קאזארמע־פרייהייט, וועלכע די קאָמוניסטן האָבן איינגעשטעלט אַפילו אין זייערע אייגענע רייען. מיר באַקעמפן זייער שטרעבונג צו פארגוואלטיקן דעם ווילן פון ארבעטער־קלאס, איינצושטעלן א דיקטאטור פון א פאָליט־ביוראָ איבער דעם ארבעטער־קלאס און מיר פאראורטיילן אויפן שארפסטן אופן די פארברעכערישע שפאלטונגס־פאָליטיק פון די קאָמוניסטן, זייער פאָליטיק פון ברודער־קאמף אין די ארבעטער רייען, וואָס האָט שוין אַזוי פיל אומגליק געבראַכט דער אַרבעטער באַוועגונג פון דער גאַנצער וועלט. מיר זיינען פאַר פולער אָרגאַנישער איינהייט פון דער פראָלעטאַרישער קלאסן־באוועגונג און — ביז וואנען דאָס וועט נישט זיין מעגלעך — פאר א לאָיאלער צוזאמענארבעט פון אלע טיילן פון דער דאָזיקער באוועגונג.

אָט דאָס איז אונזער שטעלונג. מיר פארטיידיקן זי זייט יאָרן און יאָרן. די געשעענישן פון דער לעצטער צייט האָבן אונז אין איר באפעסטיקט.

ווארשע, 1934.

# רעזאלוציע-פראיעקטן

## וואָס ה. ערליך האָט, אלס פאָרשטייער פון „בונד“, פאָר־געלייגט אויפן עקזעקוטיוו פון סאָצ. אינטערנאציאָנאל

### וועגן דערווירטשאפטלעכער לאגע

דער עקזעקוטיוו פון סאָציאַליסטישן אַרבעטער אינטערנאַציאָנאַל שטעלט פעסט:

נאָך ביים אָנהויב פון היינטיקן קריזיס האָט די ארבעטער־באוועגונג אַרויסגערוקט פאָלגנדע פאָדערונגען, וועלכע זאָלן מעגלעך מאַכן אָפּצושוואַכן די אַרבעטלאָזיקייט און צו לינדערן די נויט פון די אַרבעטלאָזע.

1. העכערן די אונטערשטיצונג פאַר אַרבעטלאָזע.
2. פארקירצן די ארבעטס־צייט אָן לוין־פארקלענערונג.
3. הויבן דעם רעאַלן לוין.
4. די מלוכה און קאָמונאַלע אָרגאַנען זאָלן שאַפן אַרבעט דורך גרויסע אינוועסטיציעס.

נישט געקוקט אויף די ביז־איצטיקע אָנשטרענגונגען פון די פראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס איז נישט געלונגען צו פארווירקלעכן כאָטש איינע פון די דאָזיקע פאָדערונגען.

וואָס מער עס אַנטוויקלט זיך דער קריזיס, וואָס גרעסער ס'וואַקסט די מחנה אַרבעטלאָזע, אַלץ מער ווערן פאַרקלענערט די אונטערשטיצונגען פאַר די אַרבעטלאָזע. אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער „שפּאָרט“ מען אויפן חשבון פון די אַרבעטלאָזע.

ס'איז נישט געלונגען אַדורכצופירן אַן אַלגעמיינע פאַרקירצונג פון דער ארבעטס־צייט. און אין די איינצלנע פאלן, וואו עס איז אזוינס געשען, איז דאָס געווען פארבונדן מיט אן אנטשפרעכנדער פארקלענערונג פון לוין. די

לאסט פון דער הילף פאר ארבעטלאָזע איז אזויערנאָך ארויפגעוואָרפן געוואָרן פולשטענדיק אויף די פּלייצעס פון די באשעפטיקטע ארבעטער.

ס׳איז נישט געלונגען צו העכערן דעם רעאַלן לוין פון די באַשעפטיקטע אַרבעטער. פונקט פאַרקערט: אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער האָבן די אונטערנעמער מיט דערפאָלג דורכגעפירט אן אָנגריף אויף די לוינען פון די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע.

און לסוף, עס זיינען געבליבן אָן רעזולטאט אלע באמיאונגען צו צווינגען די הערשנדע קלאסן, אז זיי זאָלן אדורכפירן גרויסע אינוועסטיציע־ארבעטן. פונקט פאַרקערט: אין אַלע לענדער זיינען די דאָזיקע ארבעטן אין פאַרגלייך מיט די פריערדיקע יאָרן שטאַרק פאַרקלענערט געוואָרן.

דער פאַקט, אַז דער קאַמף פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון די דערמאָנטע פאָדערונגען איז אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער געבליבן אָן רעזולטאט, צווינגט צו מאַכן דעם אויספיר, אַז אויך די סיבה פון דאָזיקן דורכפאַל מוז זיין אַן אַלגעמיינע. די ספּעציפישע באַדינגונגען פון יעדן לאַנד, און קודם כל די קאַמף־פעאיקייט פון ארבעטער־קלאס אין געגעבענעם לאַנד, קענען גורם זיין, אַז די ווירקונגען פון קריזיס אויפן לעבנס־מצב פון ארבעטער־קלאס זאָלן נישט אומעטום זיין גלייך. אָבער דער תוך פון קריזיס בלייבט דער זעלבער, ווייל זיינע סיבות זיינען פאַרוואָרצלט אין די יסודות פון קאַפּיטאליסטישן ווירטשאפט־סיסטעם. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז אין די ראַמען פון דאָזיקן סיסטעם איז נישט מעגלעך צו פאַרווירקלעכן די דערמאָנטע פאָדערונגען אַלס מיטל צו לינדערן דעם קריזיס. און כל־זמן דער דאָזיקער סיסטעם עקזיסטירט, איז דער ארבעטער־קלאס פארמישפט צו טראָגן די הויפּט־לאסט פון קריזיס.

דער עקזעקוטיוו וואָרנט די אַרבעטערשאַפט פון דער גאַנצער וועלט פאַר די אילוזיעס, אַז עס קאָן מעגלעך זיין, איינהאַלטנדיק דעם קאפּיטאַליסטישן ווירטשאפט־סיסטעם, צו דערגרייכן דורך אינטערנאציאָנאלע רעגירונגען ממשותדיקע דערפאָלגן אין קאַמף קעגן קריזיס. פונקט ווי עס איז נישט געלונגען אין קיין שום לאַנד אויף קאַפּיטאַליסטישע אופנים צו באַקעמפן די אַרבעטלאָזיקייט אַזוי וועט אויך זיין אומעגלעך, אַז די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען זאָלן דאָס דאָזיקע פּראָבלעם לייזן דורך אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכן.

דער עקזעקוטיוו פון סאָציאַליסטישן אַרבעטער־אינטערנאציאָנאַל דריקט דעריבער אויס זיין איבערצייגונג, אַז די פאַרווירקלעכונג פון די דערמאָנטע פאָדערונגען פון אינטערנאציאָנאלן ארבעטער־קלאס איז מעגלעך נאָר 4
דאַן, ווען עס וועלן באלד געמאכט ווערן א רייע פּרינציפּיעלע ענדערונגען אין היינטיקן ווירטשאפט־סיסטעם.

עס מוזן סאָציאַליזירט ווערן אַ רייע גרונט־צווייגן פוןווירטשאַפטלעכן לעבן (בוי־אינדוסטרי, שווער־אינדוסטרי, טראַנספּאָרט, ענערגיע־פּראָדוקציע, הורט און אויסערלעכער האַנדל). די פינאַנץ־פּאָליטיק מוז פולשטענדיק צוגעפּאַסט ווערן צו די באַדערפענישן פון דער פּראָדוקציע.

מען מוז אַדורכפירן דעם פּרינציפּ פון פּלאַנווירטשאַפט, וואָס וועט מעגלעך מאַכן, אַז די פאַראַנענע פּראָדוקטיווע כוחות זאָלן אין דער פולסטער מאָס אויסגענוצט ווערן און די באַפעלקערונג זאָל קאָנען פאַרברויכן די באַשאַפענע גיטער.

דאָס דורכפירן די דאָזיקע פאָדערונגען וואָלט נאָך נישט געהייסן, אַז דערמיט ווערט פאַרווירקלעכט דער סאָציאַליזם. דאָס וואָלט אָבער געעפנט אַ נייע עפּאָכע אין דער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט, עס וואָלט זיך אָנגעהויבן די איבערגאַנגס־עפּאָכע פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם.

ס'איז קלאָר, אַז קיין שום בירגערלעכע רעגירונג וועט נישט זײַן אימשטאַנד צו פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן פּראָגראַם. דער איינציקער כוח, וואָס איז אימשטאַנד דאָס אַדורכצופירן, איז די אַרבעטער־באַוועגונג.

דער עקזעקוטיוו פאָדערט דעריבער אויף די אָנגעשלאָסענע פּאַרטייען, אַז זיי זאָלן אין קאַמף קעגן קריזיס אויפקלערן די מאַסן, אַז אַפילו די פאַרווירקלעכונג פון אַזעלכע פאָדערונגען ווי גענוגנדע אַרבעטלאָזע־אונטערשטיצונג, פאַרקלענערונג פון אַרבעט־צייט, העכערונג פון לוין און שאַפן אַרבעט איז מעגלעך נאָר דאַן, ווען עס וועלן אַדורכגעפירט ווערן די פּרינציפּיעלע ענדערונגען אין עקזיסטירנדן ווירטשאַפט־סיסטעם. די מאַסן מוזן וויסן, אַז די פאַרווירקלעכונג פון די דאָזיקע פּאָסטולאַטן זײַנען מעגלעך נאָר דורך אַ סאָציאַליסטישער רעגירונג.

דער עקזעקוטיוו פאָדערט אויף די אָנגעשלאָסענע פּאַרטייען קלאָר צו מאַכן פאַר די ברייטע מאַסן, אַז די סאָציאַליסטיש[illegible] אַרבעטער־באַוועגונג איז די איינציקע קראַפט, וועלכע איז שוין הײַנ[illegible]ג ייט איבערצונעמען די פּאָליטישע מאַכט, זייענדיק זיכער, אַז זי וועט גובר זײַן דעם קריזיס, אַז זי וועט שאַפן פאַר די אַרבעטלאָזע אַרבעט און וועט זײַן אימשטאַנד צו הייבן דעם לעבנס־מצב פון דער גאַנצער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג. דער עקזעקוטיוו פאָדערט אויף די פּאַרטייען, אַז זיי זאָלן אין קאַמף קעגן קריזיס ווענדן זייער הויפּט אויפמערקזאַמקייט אויף דער דעראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט, כדי באַלד צו קאָנען פאַרווירקלעכן דעם דערמאָנטן ווירטשאַפט־פּראָגראַם.

## וועגן דער פּאָליטישער לאגע

פּונקט ווי אויף דעםווירטשאַפטלעכן געביט, האָט זיך אויך אויפן פּאָליטישן געביט אַרויסגעוויזן דער פולשטענדיקער באַנקראָט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאַפּיטאַליסטישער פּאָליטיק.

די אַנטשעדיקונג־פראַגע און די פראַגע פון די אינטערנאַציאָנאַלע חובות זיינען אַן אָפענע וואונד אין אָרגאַניזם פון דער נאָכמלחמה־וועלט. זינט יאָרן געהערן די דאָזיקע פראַגן צו די ברענענדסטע פּראָבלעמען פון דער אייראָפּעאישער פּאָליטיק. זינט יאָרן ליגן זיי ווי אַ שווערע משא אויפן ווירטשאַפטלעכן לעבן פון אייראָפּע. זינט יאָרן שפּייזן זיי די פאַשיסטישע באַוועגונג אין דייטשלאַנד. אָבער די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען זיינען נישט בכוח זיך צו דעצידירן אויף דער איינציק מעגלעכער ראַדיקאַלער לייזונג. די לייזונג פון די דאָזיקע פראַגן ווערט כסדר אָפּגעלייגט און ס'איז נישט צו דערוואַרטן, אַז דאָס זאָל געשען אין לאָזאַן.

די שלום־אָפּמאַכן האָבן פאַר אַ רייע קלענערע מלוכות פון אייראָפּע געשאַפן אומדערטרעגלעכע ווירטשאַפטלעכע און פּאָליטישע באַדינגונגען, וועלכע פּאַראַליזירן די אַנטוויקלונג פון די דאָזיקע לענדער און פאַרמשפּטן די באַפעלקערונג צו אַ כסדר וואַקסנדער פאַראָרימונג.

דער פּלאַן פון דער אַזויגערופענער דונאַי־פעדעראַציע, וואָס ס'האָט פאָרגעשלאָגן די נאַציאָנאַליסטישע טאַרדיע־רעגירונג, כדי כלומרשט צו העלפן די דאָזיקע מלוכות אין זייער שווערער לאַגע, איז אין דער אמתן געווען נישט מער ווי אַ פּרואוו פון פראַנצויזישן אימפּעריאַליזם אויסצונוצן די נויט פון די דונאַי־מלוכות, כדי צו פאַרשטאַרקן זיינע אייגענע פּאָזיציעס אין אייראָפּע. די פעלקער פון די דונאַי־מלוכות האָבן נישט קיין גרונט צו באַקלאָגן דעם דורכפאַל פון דאָזיקן פּלאַן.

אָבער דער דאָזיקער דורכפאַל איז אַ נייער באַווייז, אַז אויפן וועג פון אונטערהאַנדלונגען צווישן די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען איז נישט פאַראַן קיין שום מעגלעכקייט צו דערנענטערן די לייזונג פון די אַקטועלע פּראָבלעמען פון דער וועלט־פּאָליטיק. אַמבולטסטן ווערט אפשר דער דאָזיקער פאַקט באַשטעטיקט דורך די געשעענישן אויפן ווייטן מזרח. דער פעלקער־בונד, וועלכער האָט געזאָלט האָבן די אויפגאַבע צו צוימען די נאַציאָנאַלע עגאָאיזמען און אימפּעריאַליזמען פון איינצלנע לענדער, האָט זיך פון אָנהויב אָן אַרויסגעוויזן אַלס ווערקצייג אין די הענט פון די שטאַרקערע אימפּעריאַליזמען. נאָר ווייל דער פעלקער־בונד האָט אַזאַ כאַראַקטער, האָט געקאָנט געמאָלט זיין, אַז ער זאָל זיין אַזוי אָנמעכטיק לגבי דעם יאַפּאַנישן רויב־צוג.

דער יאַפּאַנישער אימפּעריאַליזם האָט אין מאַנדזשוריע געשטעלט די גאַנצע וועלט פאַר געשעענע פאַקטן. דער דאָזיקער אימפּעריאַליזם באַדראָט היינט די וועלט מיט דער סכנה פון א יאפּאַניש־רוסישער מלחמה, אין וועל־כער עס קענען אויך אַריינגעצויגן ווערן אַנדערע לענדער.

דער עקזעקוטיוו פון סאָציאַליסטישן ארבעטער־אינטערנאַציאָנאַל דער־קלערט, אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריאַט וועט קעמפן פאַר דער פולשטענדיקער און אומבאַדינגטער אַנולירונג פון די אַנטי־שעדיקונגען און אינטערנאַציאָנאַלע קריג־חובות און פאַרן באַזייטיקן אַלע באַ־גרענעצונגען, וועלכע די שלום־אָפּמאַכן האָבן אָנגעוואָרפן די אזויגערופענע קליינע פעלקער.

דער עקזעקוטיוו דריקט אויס זיין ענערגישסטן פּראָטעסט קעגן דעם יאפּאנישן רויב־צוג אין כינע. ער דערקלערט, אַז אין פאַל פון א באוואָפנטן אָנגריף אויף דעם ראטן־פארבאנד און אין פאל פון א פּרואוו ארויסצורופן א נייע וועלט־מלחמה וועט דער ארבעטער־קלאַס פון דער גאנצער וועלט אונטער דער אָנפירונג פון סאָציאַליסטישן ארבעטער־אינטערנאציאָנאַל אָנ־ווענדן אַלע מיטלען, כדי נישט צו דערלאָזן צו דער מלחמה און זי מאַכן אַלס אַן אויסגאַנג־פּונקט פאַר דער אינטערנאציאָנאַלער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

דער עקזעקוטיוו פאָדערט אויף אַלע אָנגעשלאָסענע פּאַרטייען צו פירן מיט דער גרעסטער אַנטשלאָסנקייט דעם קאַמף פאַר דער דעראָבערונג פון דער מאַכט, ווייל ער זעט דערין דעם איינציקן וועג צו שיצן דעם גרעסטן טייל פון דער מענטשהייט פון ווירטשאַפטלעכער נויט, גייסטיקער פאַרוויל־דונג און נייע מלחמה סכנות.

„נייע פאָלקס־צייטונג", ווארשע, 29־טער מאי, 1932.

# דער יום-טוב פון אונזערע יונגע

אונזער יוגנט פייערט איצט דעם 20־יאָריקן יובל פון איר פרעסע: דעם 1־טן פעברואר 1919 איז דערשינען דער ערשטער נומער פון דער „סאָציאַליסטישער יוגנט שטימע”. פאַקטיש האָט דאָס באַדייט דער אָנהויב פון אַ צענטראַליזירטער יוגנט־באַוועגונג אונטער דער אידעאישער אָנפירונג פון „בונד”, הגם די גרונט־שטיינער אונטער אַ צענטראַליזירטער בונדישער יוגנט אָרגאַניזאַציע זיינען געלייגט געוואָרן מיט עטלעכע חדשים שפּעטער — אויף דער ערשטער לאַנד־קאָנפערענץ פון דער „ס. ד. יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט” אין פּוילן”. דער יובל, וועלכן עס פייערט היינט אונזער יוגנט, איז דעריבער מער, ווי אַ יובל פון איר פרעסע — דאָס איז אַ יובל פון אונזער גאַנצער יוגנט־באַוועגונג אונטער די פענער פון דער „צוקונפט”.

אינם יובל־נומער „יוגנט־וועקער” דערציילט ח׳ שוואַרץ וועגן דעם באַגינען פון אונזער יוגנט־באַוועגונג און דער באַדייטונג, וועלכע עס האָט געהאַט פאַר איר דאָס דערשיינען פון איר אָרגאַן:

„ס׳איז געווען אַ צייט, ווען מיר, יונגע, האָבן זיך געשעמט אויסצוזאָגן, אַז מיר האָבן געשאַפן אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע אָדער אַ יוגנט פאַריין. מיר האָבן זיך געשעמט, ווייל כאָטש מיר האָבן געפילט די נויטווענדיקייט זיך צו אָרגאַניזירן, האָט זיך אונז אַלץ געדאַכט, אַז די עלטערע וועלן אונז אויסלאַכן, ווען זיי וועלן זיך וועגן דעם דערוויסן.

— מנע — האָבן מיר געמיינט וועלן זיי זאָגן — קינדער שפּילן זיך, קינדער מאַכן נאָך די גרויסע...

אונזערע ערשטע פאַרזאַמלונגען האָבן מיר אין די פּראָווינץ־שטעט אָפּגעהאַלטן ביי פאַרמאַכטע לאָדנס. דאָס איז נישט נאָר געווען צוליב קאָנספּיראַציע, נאָר אויך צוליב דעם, אַז די עלטערע זאָלן זיך נישט דערוויסן און נישט אויסלאַכן”.

די עלטערע האָבן זיך דערוואוסט און — נישט געלאַכט. פאַרקערט —
זיי האָבן אָנגעהויבן מיטהעלפן. אָבער —

„די אמתע אינערלעכע פעסטקייט, דער אמתער גלויבן, אַז מען טוט גוט, איז געקומען ערשט מיט א יאָר־אַנדערטהאלבן שפּעטער, אין די פראָסטיקע יאַנואַר־טעג פון 1919, ווען ס'האָט אין די „לע־בנספראַגן" זיך באַוויזן דער אַנאָנס, אַז די נאָענטסטע טעג דערשיינט אין וואַרשע די „סאָציאַליסטישע יוגנט־שטימע" אַלס אָרגאַן פון דער ס. ד. י. אָ.: „צוקונפט".

דאָס, וואָס עס האָט דערציילט דאָ דער ח' שוואַרץ, האָט זיכער געקלונ־גען אומגלויבלעך פאַר דער קאָלאָסאַלער מערהייט היינטיקע צוקונפטיסטן, ווייל — וואָס פאַרא קאָלאָסאַלער מהלך טיילט אָפּ דעם היינטיקן זעלבסט־געפיל פון אונזער יוגנט פון דעם, וואָס עס שילדערט אין זיינע זכרונות חבר שוואַרץ! אונזערע יוגנטלעכע האָבן ווי מיר זעען, אויך דעמאָלסט, מיט הע־כער 21 יאָר צוריק, נישט געהאַט קיין גרונט מורא צו האָבן, אַז די עלטערע וועלן פון זיי לאַכן; אָבער ווען פון אונזערע צוקונפטיסטן קאָן עס איינ־פאַלן היינט, אַז די „עלטערע", דאָס הייסט — די פאַרטיי, וועט זיך באַציען נישט גענוג ערנסט צו זייערע שטרעבונגען און פאַרלאַנגען, צו זייער ארבעט

## 5־טער צוזאַמענפאָר פון יוגנט־בונד „צוקונפט" אין פוילן



פּרעזידיום פון צוזאַמענפאָר און די פאָרשטייער פון „בונד". ס'זיצן פון רעכטס צו לינקס: נח, י. ליפשיץ, נ. שאפראַן, פּ. שוואַרץ, ח. וואַסער און וויקטאָר אלטער.



רעפערענטן־שול אין לאָדזשער ראַיאָן פון יוגנט־בונד „צוקונפט“, צוזאַמען מיט ה. ערליך און ל. פאָזנאַנסקי אין יאָר 1933.

און קאַמף? — היינט, ווען אונזער יוגנט־בונד „צוקונפט“ האָט זיך דערוואָרבן אַזאַ בכבודיקן אָרט אין אונזער אַלגעמיינער באַוועגונג, ווען ער איז געוואָרן אין איר אַזאַ וויכטיקער, אַזאַ ערנסטער צווייג; היינט, ווען כמעט אויף אַלע געביטן פון דער טעטיקייט פון אונזער פּאַרטיי איז איינגעשטעלט און איינגעפונדעוועט די ווייטגייענדיקסטע און פריינטלעכסטע צוזאַמענאַרבעט מיט דער יוגנט, ווען — ביי דער פולסטער אַכטונג צו דער אינערלעכער אויטאָנאָמיע פון אונזער יוגנט־באַוועגונג — קאָנען מיר מיט דעם ריינסטן געוויסן זאָגן, אַז „בונד“ און יוגנט־בונד „צוקונפט“ איז — איינס!

אָבער נישט נאָר אין דעם פּרט טיילט אָפּ דעם יוגנט־בונד „צוקונפט“ אַ מהלך פונם 1־טן פעברואַר 1919. די 20 יאָר, וועלכע אונזער יוגנט־באַוועגונג לאָזט היינט הינטער זיך, זיינען נישט בלויז אַדורך ביי אונז אויף די אויגן — מיר האָבן זיי אין אינערלעכע און אויסערלעכע ראַנגלענישן אַדורכגעמאַכט און אַדורכגעקעמפט צוזאַמען מיט איר. און ווען מיר פּרואוון פאַרגלייכן די „צוקונפט“ פון 1919 מיט דער „צוקונפט“ פון היינט, זיינען מיר פול מיט שטאָלץ צוליב די פּרעכטיקע רעזולטאַטן, וועלכע אונזער יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָט דערגרייכט.

1919 — 1939: שווער צו געפינען אין דער געשיכטע פון דער מענטש־

הייט אַ מער אײנהאַלטרייכע, שטורמישע, טראַגישע צייט. דורכהאַלטן אַזאַ צייט — דאָס איז שוין אַ גרויסע דערגרייכונג, אַפילו פאַר אַ פּאָליטישער פּאַרטיי, און בפרט — פאַר אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וואָס איר לעבן איז דאָך פיל פליסיקער, ברוייזנדיקער, ווי דאָס לעבן פון אַ פּאַרטיי. אָבער אונזער יוגנט־בונד „צוקונפט" האָט נישט נאָר דורכגעהאַלטן, נישט נאָר ביינעקומען און איבערגעלעבט אַנדערע — ער איז היינט די גרעסטע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין דער אידישער געזעלשאַפט, די גרעסטע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן און איינע פון די אָנגעזעענסטע אָרגאַניזאַציעס אינם סאָציאַליסטישן יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל. דער יוגנט־בונד „צוקונפט" האָט היינט דאָס רעכט צו רעדן אין נאָמען פון דער איבערוויגנדיקער מערהייט פון דער אידישער אַרבעטער־יוגנט און פון אַ זייער גרויסן טייל פון דער אידישער יוגנט־לעכער אינטעליגענץ. און עס איז פאַר אונז, עלטערע, אַן אמתע פרייד צו זען, מיט וואָס פאַרא ערנסטקייט און וואָגיקייט אונזערע חברים פון דער „צוקונפט" באַהאַנדלען די אומגעהויער ערנסטע פּראָבלעמען, וועלכע עס לייגט אַרויף אויף זיי די ראָל פון די וואָרט־זאָגער פונם אונטערוואַקסנדיקן אידישן פּראָלעטאַרישן דור.

אין דער שפּיץ פון יוגנט־בונד „צוקונפט" שטייען ביז היינט אַ רייע חברים, וואָס זיינען געשטאַנען ביי דעם וויגעלע פון אונזער יוגנט־באַוועגונג, צוזאַמען מיט די יונגערע פון זיי, אָבער נישט ווייניקער אַקטיווע, האָבן זיי דאָס רעכט מיט דער גרעסטער באַפרידיקונג אונטערצופירן דעם סך־הכל אונטער די ערשטע 20 יאָר „צוקונפט".

---

עס איז היינט יום־טוב ביי אונזערע יונגע, און אויב עס איז אַ יום־טוב ביי זיי, איז עס אויך אַ יום טוב אין דער פּאַרטיי. מאָרגן וועלן זיך אונזערע וואַרשעווער צוקונפטיסטן צונויפקומען כדי אויף אַ פייערלעכער אַקאַדעמיע צו פּראַווען דעם בשותפותדיקן יום טוב פון יונגע און אַלטע בונדיסטן. צו אָט דער אַקאַדעמיע זייערע שיקן מיר צו די וואַרעמסטע גרוסן אין נאָמען פון דער פּאַרטיי און איר צענטראַל־אָרגאַן.

„נייע פאָלקס־צייטונג", וואַרשע, 24־טער פעברואַר 1939.

## די צוקונפט מארשירט



די ערשטע רייען פון יוגנט-בונד „צוקונפט“. בעת א מאי-דעמאָנסטראציע אין ווארשע.




צוקונפטיסטן אויף דער 2-טער ארבעטער-אָלימפּיאדע אין ווין, אין יאָר 1931.

# אין פוילישן געריכט

## פאַרטיידיקונגס־רעדע פון ה. ערליך בעת די אנטי־אידן עקסצעסן אין וויסאָקע

— צום ערשטן מאָל — אזוי הויבט אָן זיין גרויסע רעדע ה. ערליך — טרעט איך אַרויס אין איינעם פון די טראַגישע פּראָצעסן, וואָס זיינען אין אַ גרויסער צאָל געבוירן געוואָרן אין 1936. עס זיינען דאָ מענטשן, פּאַרטייען און צייטונגען, וואָס ווילן דעם היינטיקן ווי אַלע איבעריקע פּראָצעסן פון דעם מין, פאָרשטעלן פאַר דער וועלט, ווי איינעם פון די פראַגמענטן פון דער „אייביק דויערנדיקער פויליש־אידישער מלחמה". אין הסכם מיט מיין אופן פון טראַכטן און פילן וואַרף איך אָפּ מיט דער גרעסטער אַנטשידנהייט דעם געדאַנק וועגן „אַן אייביקער מלחמה" צווישן פעלקער, וועגן אַ ממשותדיקן קעגנזאַץ צווישן די אינטערעסן פון די פאָלקס־מאַסן פון די פאַרשידענע פעלקער, וואָס וואוינען אויף דער דאָזיקער ערד. דער היינטיקער פּראָצעס איז אַ שטרייט צווישן אַ גרופּע געליטענע פון אידישער נאַציאָנאַליטעט און אַ גרופּע פאַרפירטע באַשולדיקטע פון פוילישער נאַציאָנאַליטעט, אַ שטרייט, וואָס איז נישט אימשטאַנד צו באַזייטיקן די אומבאַשטרייטבאַרע געמיינזאַמקייט פון די אינטערעסן פון די אַרבעטנדיקע פעלקער פון פוילן. נאָר אזוי און נישט אַנדערש קאָן איך באַטראַכטן דעם היינטיקן פּראָצעס.

די ערשטע פראַגע, וועלכע עס שטעלט זיך דערביי, איז — ווי אַזוי איז עס צו די טראַגישע געשעענישן אין וויסאָקע־מאַזאָוויעצק געקומען?

איך האָב געלייענט דעם באַשולדיקונג אַקט און די דריי דיקע בענדער געריכטס מאַטעריאַלן, און עס איז מיר נישט איינגעפאַלן, אַז עס קאָן אויך אינם היינטיקן פּראָצעס פון וועמען נישט איז געמאַכט ווערן אַ פּרואוו צו ריידן וועגן אַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אַ וועלכן נישט איז טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג פון וויסאָקע־מאַז. פאַר די געשעענישן פון 14־טן סעפּטעמבער. אָבער מיינע הערן — איר האָט געהערט די פראַגן, וועלכע די פאַרטיידיקער האָבן געשטעלט אַ רייע עדות, איר האָט געזען, אַז זיי האָבן געבראַכט צום פּראָצעס שפּאָגל־נייע עדות, וואָס האָבן דערציילט וועגן עפּעס

אַ „שלאַכט” צווישן אַ גרופּע אידן און פּאָליאַקן און וועגן אידישע „רעוואָלווער־שאָסן” אוממיטלבאַר פאַרן אויסברוך פון די געשעענישן. עס איז דעריבער קלאָר, אַז די פאַרטיידיקער האָבן ערנסט בדעה צו אָפּערירן מיט דעם אַרגומענט וועגן אַ „אידישער פּראָוואָקאַציע” און דעריבער מוז איך וועגן אָט דער קאָנצעפּציע ריידן, ווי ווילד זי זאָל נישט קלינגען.

אַז די קאָנצעפּציע איז ווילד, דאָס ליגט אויבן אויף. דער פּראָקוראָר האָט דאָ פעסטגעשטעלט, אַז אין וויסאָקע האָבן זיך אין יענעם טאָג צונויפגעזאַמלט אַרום זעקס טויזנט צוגעפאָרענע דאָרפס־מענטשן; איינער פון די עדות האָט גערעדט אַפילו וועגן 6000 ביז 7000 צוגעפאָרענע. די אידישע באַפעלקערונג פון וויסאָקע מאַכט אויס אַ קליינעם ברוכטייל פון אָט דער ציפער. צי דאַרף מען נישט זיין חסר דעה, כדי צו גלויבן, אַז די אידישע באַפעלקערונג פון וויסאָקע האָט ביי אַזעלכע באַדינגונגען באַוואוסטזיניק פּראָוואָצירט די עקסצעסן? צוליב וואָס? צו וועמענס קעפּ, אַ חוץ זייערע אייגענע, האָבן זיך אַזעלכע עקסצעסן געקאָנט אויסלאָזן? ווי לאַנג וועט זיך נאָך אַרומבלאָנקען איבער דער וועלט די ווילדע, די אומזיניקע לעגענדע, אַז אידן האָבן אַן אינטערעס, מ'זאָל מאַכן אויף זיי פּאָגראָמען?

אָבער די פאַרטיידיקער שטיצן זיך אויף „פאַקטן”. ווי אַזוי זעען זיי אויס? דער פויער אַנטאָני קרושעווסקי איז, אַהיימפאָרנדיק פון יריד, געטראָפן געוואָרן פון אַ שטיין, וואָס האָט אים אויסגעהאַקט 5 ציין. און אַזוי ווי אים האָט איבערגעיאָגט אַ פור, אויף וועלכער עס זיינען געזעסן פיר אידן, דעריבער גלויבט ער, אַז דאָס האָבן זיי פון הינטן געוואָרפן אין אים דעם שטיין. קרושעווסקי איז אַהיימגעפאָרן, ווייל ער האָט געזען, אַז עס האָבן זיך אָנגעהויבן אומרוען. אָבער אויב ער האָט זיך צוליב דעם אָפּגעטראָגן פון שטעטל, האָבן דאָך אַוודאי און אַוודאי געהאַט אַ גרונט צו וועלן זיך אָפּטראָגן די פיר אידן, וואָס האָבן אים איבערגעיאָגט. צי מיינט קרושעווסקי, אַז אַנטלויפנדיק, כדי צו ראַטעווען זייערע קעפּ און זייער ביסל אָרימקייט, האָבן די דאָזיקע פיר מענטשן קיין אַנדער זאַך נישט געהאַט אין זינען, ווי צו וואַרפן שטיינער אין קרושעווסקין? שטיינער זיינען אין יענעם טאָג געפלויגן אין וויסאָקע, זיי זיינען געוואָרפן געוואָרן אין אידן און אין אידישע הייזער. פאַרוואָס פאַלט עס קרושעווסקין נישט איין, אַז איינער פון אָט די שטיינער, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר עמיצן אַנדערש, האָט טאַקע אים געטראָפן? איבעריקנס איז וועגן דער מעשה געפירט געוואָרן אַ באַזונדערע אויספאָרשונג, און די פּראָקוראַטור האָט די אויספאָרשונג בטל געמאַכט!

דאָס איז איין „פאַקט”. בלייבט דער צווייטער — די אידיש־פּוילישע

שלאכט און די אידישע רעוואָלווער־שאָסן. נאָר מיין פראגע האָט דער עדות פון דער פאַרטיידיקונג פעסטגעשטעלט, אַז דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אַ 50 מעטער פון מאַרק, וואו עס האָבן זיך געפונען טויזנטער מענטשן. און קיי־נער האָט דאָס נישט געזען און נישט געהערט! און קיין איינער פון די הונ־דערטער עדות, ציווילע און פאָליציייאישע, וואָס זיינען אין דער אויספאָר־שונג פאַרהערט געוואָרן, האָט וועגן דעם נישט דערמאָנט! און ער אַליין, דער עדות פיענטקאַ, האָט ביז היינט וועגן דעם געשוויגן! און איצט וויל מען, מיר זאָלן אין אָט דער בבא־מעשה גלויבן!

אזוי זעט זי אויס די „אידישע פראָוואָקאַציע" אין וויסאָקע. סיידן זי האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וועגן וואָס עס האָט גערעדט דער פאָליציי־אישער עדות פאַפּראַצקי. דער דאָזיקער עדות איז געווען זייער ליבנסווירדיק צו דער פאַרטיידיקונג. און אויף איר פראַגע, צי האַלט ער נישט, אַז די גע־שעענישן זיינען פראָוואָצירט געוואָרן פון אידן, האָט ער געענטפערט: „ניין, די אידן האָבן נישט פּראָוואָצירט, אָבער ווען זיי וואָלטן נישט געווען אויפ־געהויבן קיין געשריי נאָכדעם, ווי ס'זיינען אומגעוואָרפן געוואָרן די ערשטע סטראַגאַנעס, וואָלט עס אפשר צו אַזעלכע עקסצעסן נישט געקומען". האָבן, הייסט דאָס, די אָרימע מאַרק־הענדלער געדאַרפט שווייגן, ווען מ'האָט זיי געשלאָגן און פאַרניכטעט זייער האָב און גוטס. און ווייל זיי האָבן געשריגן, טראָגן זיי, הייסט דאָס, אַ טייל שולד?! און אויף דעם וועט זיך דאָס די פאַר־טיידיקונג פרואוון שטיצן?..

די מעשה מיט דער אידישער פראָוואָקאַציע איז פאַרשטייט זיך אַ בבא־מעשה. פון דעם צונויפגעזאַמלטן מאַטעריאַל איז עס פולשטענדיק קלאָר, אַז

## די עקסצעסן זיינען געווען צוגעגרייט פון פאָרויס

פונם באריכט, וועלכן עס האָט צוגעשטעלט דער פאָליציי־באַאמטער ביעלונאַ, און פון די דערקלערונגען פון אַ רייע אַנדערע עדות, ווייסן מיר, אַז די פאָליציי האָט נאָך מיט וואָכן פאַר די געשעענישן געהאַט געניע אינפאָר־מאַציעס וועגן דעם פּלאַן פון פאָגראָם. „פינפטלעך" האָבן געזאָלט שטיין פאַר אידישע געוועלבער און סטראַגאַנעס און אדורכפירן דעם באָיקאָט. אין אַ באַשטימטן מאָמענט האָט מען לויט אַ סיגנאַל געזאָלט אָנהויבן שלאָגן און פּאַגראָבירן. ס'איז אַפילו געווען באַוואוסט, אַז דער סיגנאַל וועט זיין — אַ פייפעריי. עדות האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן אַליין געהערט, ווי די, וואָס זיינען געשטאַנען אין די פּיקעטן, האָבן זיך געפרעגט ביי די רעדל־פירער: „ס'איז שפעט ווען וועט מען אָנהויבן" און יענע האָבן געענטפערט: „שוין

גיך". און דער שוין־דערמאָנטער עדות ביעלגא שטעלט לאחר המעשה פעסט, אַז דער פון פאָרויס צוגעגרייטער פּלאַן איז אין הונדערט פּראָצענט אויסגעפירט געוואָרן!

## די ראָל פון דער ענדעקישער פּאַרטיי

עס איז דאָ בעת די פאַרהאַנדלונגען אַ סך מאָל דערמאָנט געוואָרן אַ בריוו, וועלכן דער פאָרזיצער פון דער ענדעקישער קרייז־אָרגאַניזאַציע, אַדוו. יורש, האָט געזאָלט האָבן צוגעשיקט קיין וויסאָקע און וואו ער האָט געזאָלט האָבן געוואָרנט זיינע פּאַרטיי־חברים, זיי זאָלן זיך „נישט לאָזן פּראָוואָצירן", און זען, אַז צו קיין אַנטי־אידישע עקסצעסן זאָל עס נישט קומען. איך מוז זאָגן — דערקלערט ה. ערליך — אַז אַט די מעשה מיט דעם בריוו איז פאַר מיר זייער אומקלאָר.

ערשטנס — צי איז דאָס געווען אַ בריוו, צי אַ צירקולאַר? עדות מצד דער פאַרטיידיקונג, ווי אויך די באַשולדיקטע, האָבן דערציילט, אַז דער „בריוו" האָט זיך באַקומען נישט בלויז אין וויסאָקע. איז דאָס, הייסט דאָס, געווען אַ צירקולאַר. אָבער איינער פון די עדות האָט פאַרזיכערט, אַז ער האָט אַליין געזען דעם „בריוו" און דערקענט די האַנטשריפט פון אַדוו. יורש. איז דאָס, הייסט דאָס, געווען אַ בריוו און נישט קיין צירקולאַר?

אַ צווייטע פראַגע: ווען איז דער „בריוו" אָנגעקומען? אייניקע האָבן געזאָגט: דריי־פיר טעג פאַר די געשעענישן, אַנדערע האָבן געזאָגט — אַ טאָג פאַר די געשעענישן, איין עדות האָט פאַרזיכערט, אַז — צוויי שעה פאַר די געשעענישן! ווען־זשע איז ער פאַקט אָנגעקומען און פאַרוואָס פיגורירט ער נישט אין די אַקטן?

אָבער די וויכטיקסטע פראַגע איז פאָלגענדיקע: אויב די ענדעקישע פּאַרטיי וויל אויסמיידן די עקסצעסן, טאָ פאַרוואָס פאַראורטיילט זי נישט מיט קיין איין וואָרט די עקסצעסן אין איר פרעסע? פאַרוואָס האָט זי לאחר המעשה נישט פאַראורטיילט די עקסצעסן אין וויסאָקע, וועלכע זיינען בלומרשט פאַרגעקומען קעגן אירע בפירושע דירעקטיוון? פאַרוואָס גלאָריפיצירט זי — פאַרקערט — אַלע אַרויסטרעטונגען פון דעם מין? און איר וועט האָבן אַ באַווייז — איר וועט מאָרגן לייענען אין דער ענדעקישער פרעסע באַריכטן פון הײנטיקן פּראָצעס, וועט איר שוין זען, ווי אַזוי עס וועט דאָרט וועגן די געשעענישן געשריבן ווערן!

הכלל — די מעשה מיטן בריוו פון אַדוו. יורש איז פאַר מיר זייער גע־

הײמניספּול אָבער אויב אַזאַ בריוו איז יאָ געווען, דאַן וואָלט עס דאָך באַדײַט, אַז די ענדעקישע פּאַרטײ געפינט זיך אין אַ צושטאַנד פון פולשטענדיקער „דעקאָמפּאָזיציע“ (פּאַנאַנדערפאַל), ווײַל אָט הײסט דער פּאָרזיצער פון דער קרײַז־אָרגאַניזאַציע טאָן אַלץ, כדי אויסצומײַדן עקסצעסן, און עס קומען פּאַרטײ־מיטגלידער און אפילו פּאַרטײ פונקציאָנאַרן און רופן אַלײן ארויס די עקסצעסן און פירן מיט זײ אָן! צי קאָן מען זיך פאָרשטעלן, אַז אַזאַ האַנדלונג פון פּאַרטײ־פונקציאָנאַרן זאָל אַזוי געדעקט ווערן פון דער פּאַרטײ־אָנפירונג, ווי זי ווערט אין געגעבענעם פאַל געדעקט?

## ראָל פון באָיקאָט אין די געשעענישן

דער לאָזונג פון ווירטשאַפטלעכן באָיקאָט איז נישט קײן נײַער אין פוילן. דער לאָזונג „סוואוי דאָ סוועגאָ“ האָט שוין הינטער זיך אַ היפּש ביסל יאָרן. דער ווירטשאַפטלעכער און נישט נאָר ווירטשאַפטלעכער נאַציאָנאַליזם, וואָס קומט אין דעמדאָזיקן לאָזונג, איז נישט קײן מאָנאָפּאָל פון די פּוילישע נאַציאָנאַליסטן — ער קאָן געפּרעדיקט ווערן פון די נאַציאָנאַליסטן פון אַלע נאַציעס, פון וועלכער זײַט ער זאָל נישט קומען, פאַראורטײל איך, ווי אַמשאַרפסטן, דעמדאָזיקן לאָזונג. אָבער אַמאָל האָבן זיך די ענדעקעס באַנוגנט מיט מינדלעכער און שריפטלעכער פּראָפּאַגאַנדע. הײַנט איז דאָס פאַר זײ צו ווייניק. הײַנט שטעלן זײ אַוועק פּיקעטן פאַר אידישע קלײטלעך און סטראַגאַנעס.

איך וויל שוין נישט רײדן וועגן דעם, אַז אָט דער אידישער אײגנטימער פונם קלײטל אָדער סטראַגאַן צאָלט מלוכה־שטײַערן פאַר זײַן רעכט צו לעבן פון זײַן אַרבעט. אָבער צי איז עס נישט קלאָר, אַז אָט די פּיקעטן באַדײַטן אַן אומדערהערטן און אומדערלאָזבאַרן טעראָר לגבי דער באַפעלקערונג, אַ ברוטאַלע פאַרגוואַלטיקונג פון איר פרײַהײט?

און נאָך אײן זאַך. דער וויצע־סטאַראָסטע האָט דאָ געפּרואווט אַדורכפירן אַ שטרענגע גרענעץ צווישן דערלאָזבאַרע פּיקעטן און נישט דערלאָזבאַרע באַיוווקעס. וואו איז די דאָזיקע גרענעץ? אפילו דער סטאַראָסטע האָט זי נישט באַוויזן אָנצוצײכענען. טאָ ווי אַזוי זאָל דאָס טאָן דער פּשוטער פאָלקסמענטש? עס האָט דאָ געגעבן אויפקלערונגען די באַשולדיקטע יאַדוויגאַ ...קער. איך וויל לאָזן אין אַ זײַט די מעלות פון איר אינטעליגענץ און איר האַרץ, אָבער אײן מעלה פאַרמאָגט זי זיכער — פּשיטות איז זי האָט דערצײלט... איך בין געזעסן אין אַ שענק און האָב דערהערט אַז מ'דאַרף באָיקאָטירן ... מ'ברעכט סטראַגאַנעס" ענלעכע דערקלערונגען האָבן אָפּגעגעבן ...

עדות אין אנדערע פּראָצעסן פון דעמזעלביקן מין. צווישן פּיקעטעווען און שלאָגן איז פאַר דעם פּשוטן מענטשן קיין גרענעץ נישט פאַראַן.

## ווער זיינען די געליטענע?

מען האָט דאָ נישט לאַנג גערעדט אין סיים וועגן דער ווירטשאַפטלעכער לאַגע אין לאַנד. מען האָט אָנגערופן אַ שרעקלעכע ציפער: צוועלף מיליאָן מענטשן אָן עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן אין דאָרף. דערצו קומט צו אַן אַנט־שפּרעכנדיקע ציפער פאַר דער שטאָט. אָבער די נויט איז פּונקט אַזוי אינטער־נאַציאָנאַל, ווי דער נאַציאָנאַליזם! פאַר אייך זיינען דאָ פאַרבייגעגאַנגען צענ־דליקער געליטענע. קיין איין גביר האָט איר צווישן זיי נישט געזען. דאָס זיינען מענטשן, וואָס שלעפּן זיך ארום. ארבעטער און בעלי־מלאכות, וואָס ארבעטן שווער און ביטער אויף זייער שטיקל ברויט. דאָס זיינען מענטשן, וואָס שלעפּן זיך ארום אין קעלט און אין רעגן איבער מערק, נעכטיקן אונטערן פרייען הימל ביי זייערע פורן, כדי צו פאַרדינען אויף צומאָרגנס אַ באַר זלאָ־טעס. דאָס זיינען אַלץ פאָרשטייער פון דער גרויסער אידישער אָרעמקייט. און אָט זיי האָבן עס די באַשולדיקטע פאַגראָמירט און צעמזיקט! זיי האָבן דאָס געטאָן דערפאַר, ווייל עס זיינען דאָ מענטשן אין פּוילן, וואָס האָבן גע־שאַפן די אומזיניקע, די ווילדע טעאָריע, אַז מיט דעם סטראַגאַן פון דער פרויי נעכומע לעדערמאַן, וועלכע איר האָט געזען, קאָן מען אָנזעטיקן די צוועלף מיליאָן הונגעריקע פּויערים פון פּוילן.

נישט דאָ איז דער אָרט צו ריידן וועגן דעם, וואָס עס איז דער אמתער אויסוועג פון דער נויט, אָבער איין זאַך איז זיכער: די מענטשן, וואָס פּרעדיקן די דערמאָנטע טעאָריע, ווייסן, אַז זי איז אַ ווילדער אומזין, אָבער זיי דאַרפן דעם אומזין האָבן פאַר זייערע פּאָליטישע און סאָציאַלע צוועקן.

## ווער זיינען די באַשולדיקטע?

איך ווייס — נישט די באַשולדיקטע אינם היינטיקן פּראָצעס האָבן די טעאָריע געשאַפן. עס זיצט דאָ נישט אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק קיין איין אינטעליגענט. פאַראַן דאָ פּשוטע מיטגלידער פון דער ענדעקישער פאַר־טיי, פאַראַן נידעריקע פאַרטיי־פונקציאָנערן, פאַראַן אומפאַרטייאישע, אָבער קיינער פון זיי פאַרמאָגט נישט קיין בילדונג מער, ווי עטלעכע אָפּטיילונגען פון דער פאָלקסשול, און אַלע זיינען זיי אומפאַרמעגלעכע מענטשן. די גענעראַלן און פּולקאָווניקעס פון דער ענדעקישער פאַרטיי שטעלן זיך נישט אַליין אין די פּיקעטן און גייען נישט ארום אין גאַס מיטן שטעקן — צו אָט די מלאכות שיקט מען פּראָסטע מענטשן.

איך קען דעריבער דעם חילוק צווישן דער פאראנטווארטלעכקייט פון די, וואס פירן די הענט, און די, וואס פירן אויס די שווארצע ארבעט. אבער די באשולדיקטע זיינען באגאנגען גוואלט־טאטן לגבי אומשולדיקע מענטשן. און אין די גרענעצן פון דער אלגעמיינער פאראנטווארטלעכקייט מוז פעסט־געשטעלט ווערן זייער שולד. דאס געריכט מוז מיט זיין פסק דין זאגן, וואס ער טראכט וועגן די שולדיקע אין די וויסאקער עקסצעסן, ער מוז זאגן, צי האלט ער עס פאר מעגלעך, אז די מעטאדן פון וויסאקע זאלן ווערן דער רע־גולאטאר פון די באציאונגען צווישן בירגער פון פארשידענע נאציעס אין פוילן?

„נייע פאלקס־צייטונג", ווארשע, 21־טער פעברואר, 1937.

# אַן אָפּענער איין און דרייסיק

מיט אַ צייט צוריק איז עס געווען פול אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פּרעסע מיט דער אַרויסטרעטונג פון מאַרסעל דעא, וואָס האָט אויף די שפּאַלטן פונם צענטראַל־אָרגאַן פון די פראַנצויזישע ראַדיקאַלן — „עוור" אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל אונטער דעם קעפּל: „שטאַרבן פאַר דאַנציג? ניין". דער אַרטיקל, וואָס איז זייער וואַרעם אויפגענומען געוואָרן אין בערלין, האָט אַרויסגערופן אַ רייע פאַרביטערטע ענטפערס נישט נאָר אין פּוילן, נאָר אויך אין פראַנקרייך און ענגלאַנד.

מאַרסעל דעא האָט זיך פאָרמעל צוריקגעצויגן פון דער פּאָזיציע, וועלכע ער האָט פאַרנומען אינם דערמאַנטן אַרטיקל. לעצטנס שרייבט ער שוין נישט, אַז די מערב־אייראָפּעאישע מלוכות דאַרפן נישט איינשטעלן דעם שלום צוליב דאַנציג; ער דערקלערט בלויז, אַז די מלחמה איז נישט אומפאַרמיידלעך, אַז ס'איז פאַראַן אַ ממה נפשך צו מלחמה, און דער ממה נפשך הייסט — אונטערהאַנדלונגען.

מאַרסעל דעא איז נישט דער איינציקער, וואָס זאָגט דאָס. אָבער די, וואָס זאָגן דאָס, נאַרן באַוואוסטזיניק צי אומבאַוואוסטזיניק זיך אַליין און אַנדערע.

ווייל ווער פון די, וואָס פאָדערן אַן אַנטשידענע פּאָליטיק לגבי די טאָטאַליסטישע מלוכות, פאַרוואַרפט דען דעם געדאַנק וועגן אונטערהאַנדלונגען? אָבער דאָס וואָרט „אונטערהאַנדלונגען" האָט אַן אינהאַלט און אַ זין נאָר דאַן, ווען הינטער אים שטייט די גרייטקייט און אַנטשלאָסנקייט צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד אין פאַל, ווען די אונטערהאַנדלונגען וועלן נישט געבן קיין געוועריקן רעזולטאַט; ווען די, וואָס פירן די אונטערהאַנדלונגען האָבן ביי זיך פעסט באַשלאָסן: „ביז דאַנען און נישט ווייטער". אין קעגנפאַל מוז יעטוועדע אונטערהאַנדלונגען מיט היטלערן באַדייטן אַ נייעם מינכען, ד. ה. — אַ נייע קאַפּיטולאַציע.

און דאָס זעלביקע באַציט זיך צום לאָזונג וועגן אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפערענץ, וואָס איז פּאָפּולער אין געוויסע פראַנצויזישע פּאָליטישע קרייזן און וואָס פיגורירט אויך אין דער רעזאָלוציע פונם נאַנטער קאָנגרעס פון דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. דער קאָנגרעס האָט אומצווייַדייטיק דערקלערט, אַז פראַנקרייך מוז בלייבן טריי די אינטערנאַציאָנאַלע פאַרפליכטונגען, וועלכע זי האָט אויף זיך גענומען; אָבער גלייכצייטיק, רעכענענדיק זיך מיט דער שטעלונג פון די „פּאָל פאָריסטן", האָט דער קאָנגרעס אַרייַנגענומען אין זיין רעזאָלוציע דעם געדאַנק וועגן דער נויטיקייט צו שטרעבן צו אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפערענץ, וואָס זאָל האָבן פאַר אַ ציל — אויף אַ פרידלעכן אויפן צו לייזן די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפליקטן, וואָס צערייסן היינט די וועלט.

און ווידער אַמאָל: ווער אַפילו פון די אַנטשידנסטע פיינט פון די טאָטאַליסטישע מלוכות קאָן עס זיין אין פּרינציפּ קעגן אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפערענץ (ד. ה. — קעגן אונטערהאַנדלונגען?) אָבער אַזאַ קאָנפערענץ קאָן פאַר די דירעקט און אומדירעקט באַדראָטע מלוכות (דאָס הייסט — פאַר אַלע אַ חוץ די מלוכות פון דער אַקס!) האָבן אַ זין נאָר דאַן, ווען זיי גייען צו איר מיט דעם פעסטן באַשלוס: „ביז דאַנען און קיין שריט נישט ווייטער"! [illegible] ב נישט, מוז זיך אַזאַ קאָנפערענץ מיט אַן אייזערנער קאָנסעקווענץ פאַרוואַנדלען אין אַ מינכען.

איז מען אָבער פעסט אַנטשלאָסן נישט אָריבערצוטרעטן אין די אונטערהאַנדלונגען (שמעלערע צי ברייטערע) אַ געוויסע גרענעץ, דאַן זייַען זיי פולשטענדיק צוועקלאָז! ווייל — עס זיינען דאָך נישט פאַראַן קיין סתם אונטערהאַנדלונגען, אָדער סתם קאָנפערענצן: אונטערהאַנדלונגען ווערן זיך געפירט אין קאָנקרעטע אינטערנאַציאָנאַלע באַדינגונגען און מיט קאָנקרעטע קאָנטראַהענטן. און אין די באַדינגונגען, אין וועלכע מיר געפינען זיך היינט, און ביי דעם קאָנטראַהענט, וואָס קומט דאָ אין באַטראַכט, זיינען אונטערהאַנדלונגען פולשטענדיק אויסזיכטלאָז, אויף אַ דורכפאַל און ממילא — שעדלעך.

מאַרשאַל דעא האָט נישט קיין חשק צו „שטאַרבן פאַר דאַנציג": [illegible] קאָן אים „באַרואיקן" — עס האַנדלט זיך נישט וועגן דאַנציג! די ציניש־אָפענע דראָאונג פונם „פעלקישן באָאָבאַכטער", אַז — „אַ שאָס פון די דייטשע האַרמאַטן וועט אָפּשליסן די נייע געשיכטע פון פוילן" לאָזט ניט איבער אין דעם פּרט דעם מינדעסטן צווייפל.

וועגן פוילן גייט עס און נישט וועגן דאַנציג! דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט באַקומען אַ בריוו פון אַ פרייַנט, וואָס געפינט זיך [illegible]

אין האָלאַנד. דער דאָזיקער פּרינץ האָט זיך באַגעגנט מיט אַן אַבסאָלוט באַגלויביקטן האָלענדער, וועלכער האָט אים איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פון אַ שמועס, וועלכן ער האָט געהאַט אין יולי חודש מיט אַ דייטשן אָפיציר, וואָס האָט געוווילט אין האָלאַנד:

— איר האָט אַ טעות — האָט געזאָגט דער היטלעריסטישער אָפיציר, אויב איר מיינט, אַז מיר וועלן מלחמה פירן צוליב דאַנציג: נישט דאַנציג דאַרפן מיר, נאָר פּוילן. אין אַ צייט אַרום וועט יאַפּאַן פאַרענדיקן די מלחמה אין כינע. און דאַן וועט זי זיין פריי. און דאַן וועט עס זיין נויטיק, מיר זאָלן האָבן אַ צוטריט צו דער סאָוועטישער גרענעץ...

דער דייטשער אָפיציר, וואָס האָט דאָס געזאָגט, איז זיכער נישט קיין גרויסער חכם און זייער אַ שלעכטער דיפּלאָמאַט. אָבער פּונקט אַזאַ „דיפּלאָמאַט" איז דער נאַצישער רעדאַקטאָר, וואָס האָט אָנגעשריבן די אויבן־ציטירטע ווערטער וועגן דער „היסטאָרישער מיסיע" פון די דייטשע האַרמאַטן. און פּונקט אַזעלכע „דיפּלאָמאַטן" זיינען היינט איבעריקנס אויך פאָן ריבענטראָפּ און היטלער. עס איז געווען אַ צייט, ווען זיי האָבן מיט זייער „דיפּלאָמאַטישער קונסט" געקאָנט באַצויבערן די טשעמבערלענס און באָנעס און נישט איינעם פון אונזערע היימישע נאַציאָנאַליסטן. דאָס, וואָס עס קומט פאָר היינט פאַר אונזערע אויגן, איז שוין אָבער נישט קיין דיפּלאָמאַטישע שפּיל — דאָס איז אַן אָפענער איין און דרייסיק, דאָס איז אַ צוגרייטונג צו אַ ברוטאַלן רויב־צוג וואָס זיין ציל איז — אונטערייאָכונג פון איירָאָפּע און פון דער וועלט, אומבאַגרענעצטע וועלט־ממשלה פונם האַקן קרייץ.

און דעריבער האָבן נישט די מערב־איירָאָפּעאישע דעמאָקראַטיעס קיין אויסוואַל. אַפילו די מאַרסעל דעאַס טאָרן נישט זיין אַזוי נאַיוו צו גלויבן, אַז דייטשע האַרמאַטן קאָנען שיסן בלויז אין דער ריכטונג פון מזרח. און דעריבער מוזן זיי אין זייער אייגענעם בלוטיקן אינטערעס זיין גרייט צו וואַרפן אַלע זייערע כוחות אויף דער וואָג־שאָל צום שוץ פון — דאַנציג. טראַכטן אַנדערש קאָנען בלויז — אָדער זייער נאַיווע מענטשן אָדער מענטשן, וועלכע ...עס שרעקט נישט דאָס פאַשיסטישע געשפּענסט.

* * *

אַזוי זעט אויס די לאַגע, גענומען פון דער מערב־איירָאָפּעאישער זייט. און — ווי אַזוי זעט זי אויס פון דער פּוילישער זייט?

קיין שום לאַנד, ווי גרויס און שטאַרק עס זאָל נישט זיין, קאָן נישט לעבן אָן אינטערנאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען. און די דאָזיקע פאַרבינדונגען נע־

מען אַרום נישט נאָר אָפיציעלע אָפּמאַכן מיט אויסלענדישע מלוכות, נאָר אויך באַציאונגען מיט געזעלשאַפטלעכע גרופּן אין די דאָזיקע מלוכות.

ווי אזוי עס האָבן אויסגעזען די אָפיציעלע פאַרבינדונגען פון פוילן מיט דער אויסערלעכער וועלט און ווי אזוי זיי זעען אוים היינט — דאָס ווייסן מיר, און וועגן-דעם ווילן מיר איצט נישט ריידן. וואָס עס אינטערע־סירט אונז היינט, דאָס זיינען די אידעאישע פאַרבינדונגען מיט דער אוי־סערלעכער וועלט, וועלכע עס האָט פאַרמאָגט די פוילישע געזעלשאַפט. אין וואָס זיינען זיי באַשטאַנען? וועלכע פון זיי האָבן זיך באַרעכטיקט און וועל־כע — נישט?

אין איר באַציאונג צו דער אויסערלעכער וועלט איז די פוילישע גע־זעלשאַפט, פונקט ווי יעדע אַנדערע, געווען צעטיילט אויף צוויי לאַגערן, צווי־שן וועלכע עס איז געלעגן א תהום: דער א. ג. „נאַציאָנאַלער לאַגער" פון איין זייט און דער לאַגער פון ארבעטער־קלאַס פון די ארבעטנדיקע מאַסן בכלל — פון דער צווייטער. אינם נעכטיקן „ראָבאָטניק" פירט אונטער העגריק לוקרעץ א טרויעריקן באַלאַנס פון אָט דער געזעלשאַפטלעך אינטערנאַציאָנא־לער פאָליטיק פון אונזער היימישער נאַציאָנאַליסטישער רעאַקציע. די פאַק־טן, וועלכע ער סומירט זיינען נישט ניי. אָבער צונויפגעקליבן צוזאַמען און באארבעט אין אן אויסגעצייכנטער פאָרם, מאַכן זיי א באמת צעשמעטערנ־דיקן איינדרוק.

געבלענדעט פונם ליכט פון דער נייער תורה, וועלכע עס האָט גע־בראַכט-דער וועלט דער אינטערנאַציאָנאַלער פאַשיזם, פריער פאַר אַלץ — אין זיין דייטשער אויסגאַבע, האָבן אונזערע היימישע נאַציאָנאַליסטן זיך געפילט מיט די אינטימסטע פעדים פאַרבונדן מיט די עלעמענטן אין יעדן לאַנד, וואָס האָבן זיך פונקט ווי זיי, געוואַרימט אונטער די שטראַלן פון דער פאַשיסטישער זון. אין איטאַליע איז דאָס געווען דער אָפיציעלער פאַשיזם; אין שפּאַניע — גענ. פראַנקאָ; אין סלאָוואַקיע — גלח טיסא, אין בעלגיע — לעאָן דעגרעל, אין ענגלאַנד — מאָסלי.

וואו זיינען זיי היינט, די דאָזיקע מענטשן? אַלע אָן אויסנאַם האָבן זיי זיך אַנטפּלעקט אַלס היטלערס משרתים; אַלע אָן אויסנאַם געפינען זיי זיך אינם לאַגער פון פוילנס פיינט.

און אינם לאַגער פון פוילנס פריינט געפינט זיך אַלץ, וואָס עס איז פאַראַן פּראָגרעסיוועס אין דער וועלט. אַלע די, וואָס האַסן דעם פאַשיזם, וועמען עס איז טייער די פרייהייט, מיט איין וואָרט — די, מיט וועמען עס

האָט זיך די גאַנצע צייט געפילט אינטים צונויפגעבונדן דאָס פּוילן פון אַרבעט, דאָס סאָציאַליסטישע און דעמאָקראַטישע פּוילן.

צי וועט דער פּוילישער נאַציאָנאַליזם מאַכן דערפון די געהעריקע אויס־פירן? אויסגעשלאָסן! זיינע פאָרשטייער האָבן טאַקע בלית ברירה אויפגע־הערט צו מאַכן אין פּוילן פּראָפּאַגאַנדע פאַר זייערע נעכטיקע פריינט — קיין שום כוח אין דער וועלט (אפילו היטלער אויך נישט) איז אָבער נישט אימ־שטאַנד צו צעוואָרימען זייערע הערצער פאַר די, וואָס האָבן זיך אַזוי אומ־צווײַדייטיק געשטעלט אויף דער זייט פון פּוילן; און אַזוי ווי אַ טייוול פאַר ווייַרויך אַנטלויפן זיי פונם געדאַנק וועגן „אידעאָלאָגישע בלאָקן" אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק.

ניין, די נאַציאָנאַליסטן און שטילע אָדער ביז היינט אַפילו אָפענע חסי־דים פון פאַשיזם, וועט קיין שום היסטאָרישע דערפאַרונג קיין זאַך נישט אויסלערנען. פון אָט דער דערפאַרונג דאַרפן אָבער לערנען די אַרבעטנדיקע מאַסן פון פּוילן. פעסט אַנטשלאָסן מיט אַלע זייערע כוחות צו באַשיצן די פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט פון זייער לאַנד, דאַרפן זיי — אין די אינ־טערעסן פון אָט דעם פאַרטיידיקונגס־קאַמף גופא -- געדענקען אָן אויפ־הער וועגן דער נויטיקייט צו ברענגען אין איינקלאַנג די אינערלעכע לאַגע פון לאַנד מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע און מיט דעם מצב פון זיינע פאַק־טישע אינטערנאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען.

„נייע פאָלקס־צייטונג", וואַרשע, 11־טער אויגוסט, 1939.

# ערב-מלחמה, 1939

## ווידער — „שווערקייטן"

די טעלעגראַמעס מעלדן:

„אין די ענגלישע רעגירונגס-קרייזן הערשט די איבערצייגונג, אַז די לאַגע אין אייראָפּע פאַרערגערט זיך באַשיינפּערלעך, און די געשעענישן פון די נאָענטסטע טעג וועלן דאָרט דערוואַרט מיט אַ געוויסער זאָרג".

דאָס, וואָס ס'איז דאָ געזאָגט געוואָרן וועגן די ענגלישע רעגירונגס-קרייזן, קאָן געזאָגט ווערן, דוכט זיך, וועגן גאַנץ אייראָפּע: מען דאַרף נישט צו זיין קיין פּראָפעסיאָנעלער דיפּלאָמאַט, כדי צו פילן, אַז די לאַגע ווערט וואָס אַמאָל אָנגעשטרענגטער און ערנסטער.

אין מיטל-פּונקט פון אַלוועלטלעכן אינטערעס שטייט אָן אויפהער דער פּויליש-דייטשער קאָנפליקט. דערביי האָט היטלער אָפּגעוואָרפן יעדעס פייגן-בלעטל אין אַ זייט: עס איז שוין נישט קיין פראַגע פון דאַנציג און פון אַ אויטאָסטראַדע דורך דעם א. ג. „קאָרידאָר" — עס גייט וועגן פּאָמערן און אויבער-שלעזיע — עס גייט וועגן נאָכמער, ווי דאָס: עס גייט וועגן פּוילן, קיין איבעראַשונג איז עס נישט: עס איז דאָך אין תוך גענומען געגאַנגען וועגן דעם פונם ערשטן מאָמענט אָן.

און די לאַגע איז געוואָרן צוגעשפּיצט נישט נאָר אין דעם זין, וואָס היטלער האָט אַראָפּגעוואָרפן די מאַסקע און אַנטפּלעקט זיינע אמתע כוונות: עס זיינען אויסערגעוויינלעך פאַרשאַרפט געוואָרן די מיטלען, מיט וועלכע ער שטרעבט צו זיין ציל.

אויפן ערשטן פּלאַן שטייען — די מיליטערישע הכנות. דאַן קומען פּראָוואָקאַציעס אָן אַ שיעור און אויסגעלאַסענער טעראָר אין באַצוג צו דער פּוילישער באַפעלקערונג אין דאַנציג און אין דריטן רייך. דאַן גייען דראָונגען און סטראַשונקעס.

אָבער נישט קיין קלענערן אָרט פאַרנעמט אין דער אַקציע פון דריטן רייך די דיפּלאָמאַטישע אַרבעט. איר ציל איז אַ טאָפּלטער: פון איין זייט — צוגרייטן די מלחמה און פון דער צווייטער — אַריינטראָגן אין די מוחות וואָס מער כאַאָס און צעמישונג.

איר האָט דאָ „מכל טוב״: געהיימע שמועסן מיטן דאַנציגער הויך־קאָמיסאַר בורקהאַרדט און אָפענע „מינכענער״ פּראָיעקטן, געוואָרפן אין דער וועלט אַריין לויט אַ פאַרשטענדיקונג מיט בערלין פון אַ פאַרדעכטיקן אַמעריקאַנער סענאַטאָר: איר האָט אומאויפהערלעכע באַראַטונגען און קאָנפערענצן צווישן בערלין און רוים און סודותדיקע באַגעגענישן צווישן דייטשע און אונגאַרישע מיניסטאָרן; איר האָט כסדרדיקע אינטריגעס אין די באַלטישע מלוכות און פּרוּוון אויסצונוצן יאַפּאַן אין דער שפּיל קעגן דער קאָאַליציע פון די אַנטי־אַקס־מלוכות אין אייראָפּע.

מען דאַרף פאַרמאָגן פיל קאַלט בלוט, כדי נישט אַרויסגעפירט צו ווערן פון גלייכגעוויכט פון די נאַצישע סטראַשונקעס און פּראָוואָקאַציעס; און מען מוז איינהאַלטן א פולשטענדיק קלאָרן קאָפּ, כדי נישט צעטומלט צו ווערן פון די אין תוך גענומען דורכזיכטיקע, אָבער אויסערלעך — קאָמפּליצירטע און סתירותדיקע דיפּלאָמאַטישע מאַנעוורען, וועלכע היטלער פירט אַדורך. עס טוען דעריבער א בערישע טובה דער זאַך פון שלום די, וואָס שפּייזן דעם עולם מיט פּליאָטקעס וועגן רייבונגען צווישן בערלין און רוים, וועגן אַ ווידערשטאַנד, וועלכן בודאַפּעשט זאָל כלומרשט זיין גרייט צו שטעלן לגבי די פאָדערונגען פון בערלין: קיין שום הנחות פאַר היטלערן טאָרן, נאַטירלעך, נישט געמאַכט ווערן, אָבער די לאַגע דאַרף מען זען קלאָר. און זאָל זיך קיינער נישט לאָזן איינרעדן, אַז בודאַפּעשט אָדער רוים וועלן זיך אַנטקעגנשטעלן די פאַרלאַנגען פון בערלין.

וועגן דעם, ווי עס האַלט אין דעם פּרט מיט רוים, האָבן מיר געשריבן מיט עטלעכע טעג צוריק. און וואָס איז שייך צו בודאַפּעשט, דאַרף מען געדענקען, אַז קיין שום אימפּעריאַליזם — און דער היטלעריסטישער אַוודאי און אַוודאי נישט — מאַכן נישט קיין מתנות אומזיסט. פאַר דעם, וואָס די אונגאַרישע מאַגנאַטן האָבן זייט אָקטאָבער 1938 באַקומען פון היטלערן, מוזן זיי צאָלן.

אַן אַנדער זאַך איז, וואָס זייער הילף אָדער די הילף פון פאַשיסטישן איטאַליע קאָן זיין ווערט — ביי דער אינערלעכער לאַגע, וואָס הערשט אין די דאָזיקע לענדער. ווער עס פאַרשטייט, אַז אָריענטירן דאַרף מען זיך פריער פאַר אַלץ אויף די פעלקער און נישט אויף זייערע „פירער״, דער וועט נאַטיר־

לעך אריינעמען אין זיין פאָליטישער קאַלקולאַציע דעם ווערט פון אָט דעם „געזעלשאַפטלעכן פּאָטענציאַל" פון היטלערס פאַרבינדעטע. אָבער די, וואָס לאָזן אין דער וועלט אַריין די אויבן דערמאָנטע פּליאָטקעס, האַלטן דאָך, אַז געשיכטע מאַכן „דינאַמישע פּערזענלעכקייט". און בנוגע די פּערזענלעכקייטן, וואָס ריידן היינט אין נאָמען פון איטאַליע אָדער אונגאַרן, קאָן דער מינדעסטער צווייפל נישט זיין: זיי וועלן קריצן מיט די ציין, אָבער זיי וועלן מיטגיין, ווייל זיי האָבן מיט נאַצי־דייטשלאַנד פאַרבונדן זייער פּאָליטישן גורל.

* * *

די לאַגע איז ערנסט, זייער ערנסט. דערפון איז נישט געדרונגען, אַז ס'איז אומעגלעך אויסצומיידן דעם קריג: דאָס איז יאָ מעגלעך, אַפילו היינט. אָבער ביי איין און איינציקן תנאי: אויב היטלער וועט האָבן די טיפע איבערצייגונג, אַז אויף דער זייט פון זיינע קעגנער זיינען די מינדעסטע ספקות, די מינדעסטע וואַקלענישן נישט פאַראַן. און פון דעם שטאַנדפּונקט מוז אַרויסרופן די גרעסטע פאַרביטערונג די ידיעה, וועלכע די „אטע"־אַגענטור האָט נעכטן געבראַכט פון מאָסקווע.

מיסטער סטרענג איז אָפּגעפאָרן פון מאָסקווע מיט גאָרנישט. אָבער זיין אָרט האָבן פאַרנומען די מיליטערישע מיסיעס — די ענגלישע און פראַנצויזישע און די אויפריכטיקע אָדער צביעותדיקע אָפּטימיסטן האָבן אונז פאַרזיכערט: מיסטער סטרענג איז טאַקע נישט אַדורכגעקומען, אָבער די גענעראַלן וועלן עס מאַכן בעסער פאַר אים. דער פאַקט גופא — אַזוי האָט מען אונז געזאָגט — וואָס די פאָרשטייער פון די גענעראַל־שטאַבן וועלן זיך טיילן מיט די גרעסטע מיליטערישע סודות, איז אַ גאַראַנטיע, אַז די צדדים זיינען אַנטשלאָסן אַדורכצוקומען.

און אָט הערן מיר שוין ווידער וועגן „שוועריקייטן" אין די אונטערהאַנדלונגען. און דאָס, וואָס עס מוז פאַרביטערן אַמיינסטן, איז — אַז די „שוועריקייט" איז נאָך אַלץ איין און די זעלביקע: פּונקט ווי פריער די דיפּלאָמאַטן, אַזוי קייען איצט די גענעראַלן די שטרוי פון „אומדירעקטער אַגרעסיע!"

די זאַך איז דאָך אין תוך גענומען פּשוט ביז גאָר. און פּונקט ווי פאַר אונז, איז זי אויך אַבסאָלוט קלאָר פאַר דער לייבאָר־פּאַרטיי אין ענגלאַנד און פאַר די סאָציאַליסטן אין פראַנקרייך. א האכא אין ריגע, העלסינגפאָרס אָדער טאַללין — זאָגן זיי — וואָלט טאַקע נישט געווען קיין דירעקטער אָנגריף אויף סאָוועט־רוסלאַנד. אָבער אַן אומדירעקטער אָנגריף וואָלט עס יאָ געווען, און אויך קעגן אַזאַ אָנגריף דאַרף שיצן דער פּאַקט. זאָגן מיט רעכט, אי עטלי, אי בלום.

אָבער ה' טשעמבערלען קווענקלט זיך. און בעת די „אקס" אנטוויקלט א פיבערהאפטע דיפּלאָמאַטישע ארבעט, אמפּערט זיך לאָנדאָן מיט מאָסקווע חדשים נאָכאַנאַנד וועגן א זאַך, וואָס וואָלט, דוכט זיך, די מינדעסטע ספקות נישט געדאַרפט וועקן.

צום באַדויערן איז דער ענגלישער פּאַרלאַמענט איצט אויף אורלויב, און קיינער קאָן נישט אינטערפּעלירן דעם ה' טשעמבערלען פון דער פּאַרלאַמענט־טריבונע וועגן דער פּארשלעפּטער קרענק, וואָס רופט זיך ענגליש־סאָוועטישע אונטערהאַנדלונגען. עס מוז דעריבער געפינען ווערן אַן אַנדער וועג — ענדלעך א שטויס צו טאָן די אונטערהאַנדלונגען פון זייער טויטן פּונקט.

„נייע פאלקס-צייטונג", ווארשע, 21-טער אויגוסט, 1939.

---

# נאָך דער „באַמבע"

מען קאָן דול ווערן פון דער ים פּרעסע־שטימען, וואָס פּאַרפּלייצט די לעצטע טעג די שפּאַלטן פון דער צייטונג אין שייכות מיט דער היטלער־סטאַלין „באָמבע". ווי אַן אמתע „אָפּפרישונג" ווירקט דעריבער די שטים פון אונזער היימישן „דזשעננניק נאַראָדאָווי", וואָס ווינקט אונטער כיטרע מיט אַן אויג און גיט א געהיימניספולע אָנצוהערעניש, אַז דאָס האָבן... די אידן, כדי אָפּצוטאָן אויף טערקיש טשעמבערלענען פאַרן ווייסן־בוך, צוגע־רעדט היטלערן צו שליסן א נישט־אָנגריף־פּאַקט מיט סטאַלינען.

אַזוי געשעט עס אָפט, אַז א וואָרט פון א גייסטיק אומנאָרמאַלן מענטש, אַרויסגעזאָגט צווישן מיושבדיקע, „פרישט אָפּ" מיט זיין „אָריגינעלקייט". אָבער דאָס הייסט נישט, אַז מען שטעלט זיך אָפּ אויף אַזא וואָרט, סיידן צו־ליב צוועקן פון פּסיכאָ־פּאַטאָלאָגישן שטודיום...

* * *

די סאָוועטישע אַמבאַסאַדע אין לאָנדאָן האָט געמאָלדן, אַז אומאָפּהענ־ניק פונם נישט־אָנגריף־פּאַקט, וועלכן דייטשלאַנד האָט פּאָרגעשלאָגן דעם ראַטנפאַרבאַנד, וועלן די אונטערהאַנדלונגען צווישן דעם ראַטנפאַרבאַנד און ענגלאַנד מיט פראַנקרייך געפירט ווערן ווייטער, און אַז דער ראַטנפאַרבאַנד איז גרייט צו יעדער צייט אונטערצושרייבן אַן אָפּמאַך מיט ענגלאַנד און פראַנקרייך.

צי וועלן די אונטערהאַנדלונגען טאַקע ווייטער געפירט ווערן? נישט די ענגלישע און נישט די פראַנצויזישע רעגירונג האָבן זיך דערווייל וועגן דער

פראַגע נישט אַרויסגעזאָגט. און מיר מיינען, אַז ס׳איז כּדאַי צו דערמאָנען אין שייכות דערמיט אָט וואָס:

ווען היטלער האָט אין זיין רעדע פון 28־טן אפּריל ה. י. געקינדיקט דעם נישט־אָנגריף־פּאַקט מיט פּוילן, האָט ער דאָס מאָטיווירט מיט דעם פּראָוויזאָרישן אָפּמאַך וועגן קעגנזייטיקער הילף, וועלכן פּוילן האָט געשלאָסן מיט ענגלאַנד. פאַרשטייט זיך, אַז היטלער איז נישט מחויב צו זיין קאָנסעקווענט: ער קאָן זאָגן, אַז דער פּויליש־ענגלישער אָפּמאַך איז יאָ געשטאַנען אין א סתירה צום פּויליש־דייטשן פּאַקט, און א סאָוועט־ענגליש פראַנצויזישער פּאָליטישער און מיליטערישער אָפּמאַך וועט נישט שטיין אין קיין סתירה צום סאָוועטיש־דייטשן פּאַקט. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, נישט אויסגעשלאָסן, הגם ווייניק וואַרשיינלעך. אָבער אויב עס זאָל ביי די איצטיקע באַדינגונגען אַפילו יאָ צושטאַנדקומען אַן אָפּמאַך צווישן דעם ראַטנפאַרבאַנד און די מערב־אייראָפּעאישע לענדער, וועט דאָס בלויז באַדייטן, אַז ביידע אָפּמאַכן — אי דער מיט דייטשלאַנד, אי דער מיט ענגלאַנד און פראַנקרייך — זיינען פּאָליטיש קיין שמעק טאַבאַק נישט ווערט, און אַז אָט די גאַנצע אָפּמאַך שליסעריי איז נישט מער, ווי פּשוטע ציגיינער־שפּיל.

אָבער לאָמיר נישט ריידן דערווייל וועגן די פּאָליטישע רעזולטאַטן פון דער דייטש־סאָוועטישער „באָמבע”, כל־זמן דער נישט־אָנגריף־פּאַקט איז נישט אונטערגעשריבן. און אינם מאָמענט, ווען מיר שרייבן, קומט ערשט פאָר דער פייערלעכער קבלת־פּנים פון דער מאָסקווער רעגירונג: פאַרן שליח פון דריטן רייך.

לאָמיר זיך אָפּשטעלן דאַקעגן אין אַ פּאָר ווערטער אויף דער אידעאָלאָגישער באַדייטונג פון דעם, וואָס עס איז געשען.

ווען אידייאישע ערלעכקייט, אויפריכטיקייט און מאָראַל וואָלטן אין דער פּאָליטיק פון די היטלער־פריינטלעכע עלעמענטן פון דער וועלט געשפּילט אַ וועלכע נישט איז ראָל, דאַן וואָלט די נייעסטע דיפּלאָמאַטישע קונץ פונם דריטן רייך געדאַרפט אַרויסרופן ביי זיי א געפיל פון וויכטן קאַצן־יאַמער. ס׳טייטש, אַזאַ גוואַלטיקער, אַזאַ אומדערהערטער „פּאַראַט!” איז דאָך קאַמף אויף לעבן און טויט קעגן קאָמוניזם און זיין פאַרקערפּערונג — דעם ראַטנפאַרבאַנד געווען דער יסוד פון דער גאַנצער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער וועלט־אָנשויאונג און די אידעאָלאָגישע דעקונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון דריטן רייך. אין נאָמען פון אָט דעם לאָזונג זיינען אויף דער פּלאַטפאָרם פון אַנטי־קאָמינטערן־פּאַקט געזאַמלט און מאָביליזירט געוואָרן אַלע שוואַרצע כוחות פון דער וועלט. און מיטאַמאָל — אַ פּאַ־

ליטישע דערנענטערונג מיט דעם „נעסט פון אידיש־באָלשעוויסטישער געפאַר“, פאַר וועלכן בערלין האָט אין משך פון זעקס יאָר געוואָרנט, די קאַפּיטאַליסטישע, די רעאַקציאָנערע וועלט!

דאָס וואָלט געמוזט זיין באמת א גוואַלדיקע גייסטיקע דערשיטערונג פאַר די פאשיסטן און סתם שוואַרץ־מאַהניקעס פון דער וועלט, אויב זיי וואָלטן טאַקע געווען ערלעך. אָבער זיי זיינען דאָס קיינמאָל נישט געווען און וויניקער פאַר אַלץ האָבן זיי געגלויבט אין דער ערלעכקייט פון היטלעריזם. זיי ווייסן עס פּונקט אַזוי גוט ווי מיר, אַז מיט דעם נישט אָנגריף־פּאַקט מיט מאָסקווע, צי אָן אים — בלייבט דער היטלעריזם דאָס זעלביקע, ווי געווען: א שונא אויף לעבן און טויט פון יעדן פרייהייטלעכן געדאַנק און פונם ארבעטער־קלאַס אַלס דעם הויפּט־טרעגער פון אָט דעם געדאַנק אין דער ערשטער ריי. די אַלוועלטלעכע שוואַרצע מאה איז קיינמאָל נישט געווען איבערקלייבעריש אין באַצוג צו די מיטלען, וואָס דאַרפן פירן צו זייער ציל. אָנשטעל, צביעות, שווינדל, ציגיינערישע שטיק זיינען געווען נאָרמאַלע כלי־זין פון זייער „דיפּלאָמאַטישן“ ארסענאַל. און דעריבער זיינען זיי נישט דערשיטערט געוואָרן פון היטלערס נייעסטער דיפּלאָמאַטישער קונץ. זיי קאָנען זיך בייזערן, אויב זיי האַלטן, אַז די דאָזיקע קונץ קאָן שעדיקן זייערע אומיטלבאַרע מלוכהשע אינטערעסן. אָבער די חשיבות פונם היטלעריזם איז צוליב דעם אין זייערע אויגן נישט געפאַלן.

אַנדערש איז אין דעם לאַגער, וואו ס'האָט געזוכט זיינע פריינט דער ראַטנפאַרבאַנד. דאָרט האַלט מען יאָ פון ערלעכקייט און מאָראַל און צו ציגיינער־שפּיל באַציט מען זיך מיט פאַראַכטונג. דאָרט האַסט מען אויפריכטיק און טיף דעם פאשיזם. דאָרט האָט מען ביטער געקעמפט קעגן דעם „גייסט פון מינכען“ און מען האָט געשטעמפּלט די צביעות און פאַרברעכערישקייט פון די ענגלישע, פראַנצויזישע און אַנדערע רעאַקציאָנערן פאַר דער פאַקטישער הילף, וועלכע עס האָט פון זייער זייט באַקומען היטלער. פאַר אָט די קרייזן איז דער פריינטלעכער האַנט־דרוק, וועלכן די פאָרשטייער פון דער מאָסקווער־רעגירונג האָבן נעכטן אויסגעטיישט מיט דעם שעפער פון אַנטי־קאָמינטערן־פּאַקט, געווען באמת א דערשיטערנדיקע איבערלעבונג.

און גאָרנישט מקנא צו זיין איז די לאַגע פון די קאָמוניסטן. אַמאָל האָט מען זיי געלערנט, אַז די גאַנצע מענטשהייט, אויסער דעם קאָמוניסטישן לאַגער, איז שוואַרץ און אַז אַלע קאַפּיטאַליסטישע מלוכות זיינען אין דער זעלביקער מאָס רעאַקציאָנער. צו יענער צייט וואָלטן די קאָמוניסטן נאָך געקאָנט געפינען אן אויסטייטשונג פאַר סטאַלינס שריט: וואָס איז די נפקא־מינה

— וואָלטן זיי געזאָגט — צווישן היטלער־דייטשלאַנד און דעם קאָנסערוואַ־טיוון ענגלאַנד?

אָבער זייט פֿינף יאָר קנעלט מען איין מיט די קאָמוניסטן גאָר עפּעס אַנדערש. זייט פֿינף יאָר לערנט מען זיי, אַז דעמאָקראַטיע איז אַן אומגע־הייער וויכטיקע זאַך; אַז ס'איז נישט פֿאַראַן ארבעטער־קלאַס פֿון דער וועלט און פֿאַרן ראַטנפֿאַרבאַנד קיין מער געפֿערלעכערער שונא, ווי דער פֿאַשיזם איבערהויפּט, ווי דער היטלעריזם בפרט. קיין שום קאָמפּראָמיס מיט אָט דעם שונא איז נישט מעגלעך. צום קאַמף קעגן אים מוז מאָביליזירט ווערן אַלץ, וואָס עס לאָזט זיך, אַפֿילו זייער מסופּקדיקע דעמאָקראַטן אויך. ווייל דאָס איז דער שונא נומער איינס.

און מיטאַמאָל — ריבענטראָפּ אין מאָסקווע! וואָס טראַכטן איצט די קאָמוניסטן פֿון פֿראַנקרייך און ענגלאַנד? וואָס פֿילן די קאָמוניסטן פֿון דייַ־טשלאַנד, וואָס צוזאַמען מיט די סאָציאַליסטן חלומען זיי וועגן אַ פּאָליטי־שער און מיליטערישער מפּלה פֿון היטלער־דייטשלאַנד? וואָס פֿילן די פּראָ־לעטאַריער אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פֿון דייטשלאַנד, עסטרייך און טשעכיע, בעת זיי זעען, ווי דער שטעקן פֿון זייערע פּייניקער איז געשטאַרקט געוואָרן פֿון — מאָסקווע?

„נייע פֿאָלקס־צייטונג", וואַרשע, 24־טער אויגוסט, 1939.

---

## „אַ זיג פֿון שלום און סאָציאַליזם"...

דעם 23־טן אויגוסט איז דער ענגלישער אַמבאַסאַדאָר הענדערסאָן אָנ־געקומען קיין בערכטעסגאַדען, כדי איבערצוגעבן היטלערן די לעצטע וואָר־נונג פֿון דער ענגלישער רעגירונג. היטלער האָט געענטפֿערט מיט אַ קאַטעגאָ־רישן „ניין": צוליב דער זיכערקייט פֿון אייראָפּע — האָט ער דערקלערט — וועט ער נישט רעזיגנירן פֿון דייטשלאַנדס לעבנס־וויכטיקע אינטערעסן.

עס איז, פֿאַרשטייט זיך, מעגלעך, אַז היטלער וואָלט ביי אַלע אומ־שטענדן געגעבן אַזאַ ענטפֿער. אָבער וועלכער מענטש מיט אַ גלייכן פֿאַר־שטאַנד וועט עס האַלטן פֿאַר אַ „צופֿאַל", וואָס דעמדאָזיקן ענטפֿער האָט היטלער געגעבן אין דער זעלביקער שעה, ווען דער עראָפּלאַן, וואָס האָט גע־פֿירט ריבענטראָפּן קיין מאָסקווע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפֿן מאָסקווער פֿלי־פּלאַץ?

און אָט איז אַ צווייטער „צופאַל" פון דעמזעלביקן מין: אין דער נאַכט פון 23־טן אויפן 24־טן אויגוסט איז אונטערגעשריבן געוואָרן דער סאָוועטיש־דייטשער נישט־אָנגריף פּאַקט; און דעם 24־טן בייטאָג איז אין דאַנציג פאַרעפנטלעכט געוואָרן די מעלדונג, לויט וועלכער פערסטער איז דערקלערט געוואָרן פאַרן אויבער־מושל פון דער פריי־שטאָט...

און היינט זעט גאַנץ אייראָפּע אויס, ווי איין גרויסער קריגס־לאַגער, און דער שלום פון דער וועלט הענגט אויף אַ האָר.

אָבער די פּאַריזער „הומאַניטע" איז נאָך 24 שעה שווייגן אַרויס מיט אַן אַרטיקל, וואו זי דערקלערט, אַז סטאַלין... האָט געראַטעוועט דעם שלום פון אייראָפּע. און די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון ענגלאַנד האָט אַרויסגעלאָזט אַ מאַניפעסט, וואו זי באַצייכנט דעם מאָסקווער פּאַקט אַלס „זיג פון שלום און סאָציאַליזם"...

* * *

נעכטן האָבן מיר באַקומען אַ פרישן נומער „נייער פאָרווערטס", אָרגאַן פון דער דייטשער ס"ד עמיגראַציע. די רעדאַקציע איז דערשיטערט פון דעם, וואָס עס איז געשען. און זי דערמאָנט, וואָס דער דיפּלאָמאַטישער פאָרשטייער פון ראַטנפאַרבאַנד האָט אין יאָר 1935 אין נאָמען פון זיין רעגירונג געזאָגט בעת אַ זיצונג פון פעלקער בונד אין זשענעוו:

„מיר קענען אַן אַנדער פּאָליטישע דאָקטרין, וואָס שטעלט זיך אַנטקעגן דער אידייע פון קאָלעקטיווער זיכערקייט און לייגט פאָר צו שליסן צוויי־זייטיקע אָפּמאַכן נישט פון אַלע מלוכות, נאָר פון ווילקירלעך צו דעם צוועק אויסגעקליבענע מלוכות. די דאָזיקע דאָקטרין האָט מיט פּאַציפיסטישע זידייען קיין שום געמיינזאמעס נישט. נישט אַלע נישט־אַנגריף־פּאַקטן ווערן געשלאָסן פונם שטאַנדפּונקט פון פאַרשטאַרקן דעם שלום בעת די נישט־אַנגריף־פּאַקטן, וועלכע דער ראַטנפאַרבאַנד האָט געשלאָסן מיט זיינע שכנים, אַנטהאַלטן אַ ספּעציעלן פּונקט, לויט וועלכן דער פּאַקט ווערט בטל מיט דעם מאָמענט, ווען איינער פון די צדדים מאַכט אַן איבערפאַל אויף אַ דריטער מלוכה, זיינען אונז באַקאַנט אַנדערע נישט אַנגריף־פּאַקטן, אין וועלכן עס איז אַזאַ פּונקט נישט פאַראַן. דערפון איז געדרונגען, אַז אַ מלוכה, וואָס האָט זיך געדעקט מיט אַזאַ פּאַקט דעם רוקן, קאָן לייכט אָנגרייפן אומבאַשטראָפט דריטע מלוכות.

„עס איז אויך קיין וואונדער נישט, וואָס די אָנהענגער פון אַזעלכע פּאַקטן זאָגן זיך אַרויס דערפאַר, מלחמות זאָלן לאָקאַליזירט ווערן. ווער עס זאָגט „לאָקאַליזירונג פון דער מלחמה", דער וויל דערמיט זאָגן, אַז די מלחמה

איז פריי און לעגאַל. אזוי ארום קאָן א צווייזייטיקער נישט־אָנגריף־פּאַקט ווערן אַ גאַראַנטיע פאַר אַן אָנגריף".

מיט צוויי יאָר שפּעטער האָט דער זעלביקער סאָוועטישער דיפּלאָמאַט דערקלערט:

„וואָס פאַר אַ אילוזיע צו האָפן, אַז עס קאָן געמאָלט זיין אַ צוזאַמענאַרבעט צווישן מלוכות, וואָס שטרעבן צו פאַרשידענע צילן, וואָס האַלטן זיך ביי פאַרשידענע פאָרשטעלונגען וועגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן לעבן און די קעגנזייטיקע רעכט און פליכטן פון פעלקער!

„עס קאָן נישט געמאָלט זיין קיין סינטעז צווישן אַגרעסיע און נישט־אגרעסיע, צווישן שלום און מלחמה".

* * *

עמיצער קאָן זאָגן, אַז די דאָזיקע אומצווייִדייטיקע פאַראורטיילונג פון אַזעלכע פּאַקטן, ווי דער, וואָס איז נאָר וואָס געשלאָסן געוואָרן אין מאָסקווע, פאַרמאָגט צוויי „שוואַכע פּונקטן": ערשטנס, איז זי אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיט צוויי אָדער גאָר מיט גאַנצע פיר יאָר צוריק, און דאָס איז אַ מהלך צייט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן טאַקטישע פראַגן. און צווייטנס, האָט די ווערטער אַרויסגעזאָגט ליטווינאָוו: אין יאָר 1935 און אפילו נאָך אין יאָר 1937 איז טאַקע קיינער נישט געווען אזוי בארעכטיקט צו רעדן אין נאָמען פון ראַטנפאַרבאַנד אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע, ווי ער. אָבער היינט איז ער אַן אָפּגעקלאַפּטע הושענה.

האָט זיך דער „דיילי העראָלד" אָנגעטאָן די מי און צונויפגעקליבן אַ ריי ציטאַטעם פון „איזוועסטיא" און „פּראַוודאַ" פון דער סאַמע לעצטער צייט — ציטאַטעס, וואָס האָבן אויך אַ דירעקטע שייכות צום ענין.

דעם 2־טן אַפּריל 1939 האָט די „איזוועסטיא" געשריבן:

„פון אַלע פּרוּוון צו באַרויִקן דייטשלאַנד דורך אונטערהאַנדלונגען מוז מען זיך איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָפּזאָגן. די דעמאָקראַטיעס מוזן זיך אומקערן צו דער פּאָליטיק פון אַנטשידענעם ווידערשטאַנד און קאָלעקטיווער זיכערקייט. אין דעם פאַל קאָנען זיי רעכענען אויף דער פולער אונטערשטיצונג פון דעם איינציקן לאַנד, וואָס טראָגט נישט קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר מינכען".

דעם 11־טן מאַי 1939 האָט די זעלביקע צייטונג געשריבן:

„אויב ענגלאַנד און פראַנקרייך ווילן באמת אויפשטעלן אַ צוים קעגן אַגרעסיע אין אייראָפּע, דאַן מוזן זיי צושטאַנד ברענגען אַ פאַראייניקטן פּאַקט פון קעגנזייטיקער הילף, אויב מעגלעך — פון די פיר גרויסע הויפּט־מלוכות

פון איירָאפּע: ענגלאנד, פראנקרייך, ראטנפארבאנד און פּוילן; און אויב נישט, איז ווייניקסטנס פון די ערשטע דריי. עס דאַרף געשלאָסן ווערן אַן אָפּמאַך, לויט וועלכן אָט די דריי מלוכות זאָלן גאַראַנטירן די זיכערקייט פון אַנדערע מלוכות פון מיטל־איירָאפּע, וואָס זיינען באדראָט פון אגרעסיע".

נאָך דעם 31־טן יולי היי־יאָר האָט די „איזוויעסטיא" געשריבן:

„די באָלשעוויקעס זיינען נישט געווען קיין פּאַציפיסטן אין די יאָרן 1914-18 און אוודאי זיינען זיי דאָס נישט היינט. זיי האַלטן, אז עס דאַרף געשאַפן ווערן אַן אַלגעמיינער שלום־פראָנט, וואָס זאָל זיין אימשטאַנד אָפּצוּשטעלן די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער פאַשיסטישער אַגרעסיע... די צווייטע אימפּעריאַליסטישע מלחמה האָט זיך שוין אָנגעהויבן און די גאַנצע וועלט ווייסט, אַז דער אַגרעסאָר איז דייטשלאַנד".

און צום סוף, אַ פּאָר ווערטער פון „פּראַוודא", געשריבן דעם 15־טן אויגוסט היי־יאָר:

„אַ מלחמה פון ראטנפארבאנד קעגן פאשיזם וועט זיין די סאַמע גערעכטע און געזעצלעכע פון אַלע מלחמות, וועלכע די מענטשהייט האָט ווען נישט איז געפירט. דאָס בעסטע מיטל פון פאַרטיידיקונג איז אַ שטאַרקע אָפענסיווע מיטן ציל פולשטענדיק צו פאַרניכטן דעם שונא אויף זיין אייגענער טעריטאָריע. פאַרניכטן דעם שונא הייסט פאַרניכטן דעם פאַשיזם, אויפשטעלן קעגן אים די ארבעטער און העלפן זיי אין זייער מלחמה קעגן פאשיזם".

אכט טעג נאָכדעם, ווי די דאָזיקע ווערטער זיינען געשריבן געוואָרן, האָט מאָלאָטאָוו באַנייט מיט דעם היטלעריסטישן דייטשלאַנד דעם פריינטשאפט־אָפּמאַך, וועלכן טשיטשערין האָט מיט 13 יאָר פריער געשלאָסן מיט דער דייטשער רעפּובליק.

פּנים אל פּנים מיט די געבראַכטע ציטאַטעס און מיט די צאַפּלענישן פון וועלט־שלום היינט צו טאָג וויל אונז די פירערשאַפט פון די פראַנצויזישע און ענגלישע קאָמוניסטן איבערצייגן, אַז אין דער נאַכט פון 23־טן אויפן 24־טן אויגוסט האָבן דער שלום און סאָציאַליזם אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג...

„נייע פאָלקס־צייטונג", וואַרשע, 26־טער אויגוסט, 1939.

# וויקטאָר אַלטער

## ביאָגראַפישע שטריכן

געבוירן אין מלאַווע אין יאָר 1890. דער פאָטער איז געווען א רייכער איד און א הייסער חסיד.

גאָר יונג איז אלטער אריין אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. פון 1905 ביז זיין טויט אין די קעלערן פון ג. פּ. או. האָט ער 37 יאָר



1941 — 1890

פון זיינע 52 אָפּגעגעבן דעם קאמף פאר פרייהייט און סאָציאַליזם. אויך זיינע נאָענטסטע זיינען באקאנטע ארבעטער-טוער. זיינס א שוועסטער און א יונגערער ברודער זיינען געווען בונדישע ראטמענער אין וואר-שעווער שטאָט-ראט.

אלס 15-יאָריקער שילער איז ער שוין באוויסט געוואָרן דורך

דער בונדישער באַוועגונג א דאנק דעם, וואָס ביי זיי אין שטוב איז געוועזן א „יאַווקע" פון ראַיאָן־קאָמיטעט פון „בונד". די שוועסטער האָט דעם יונגן וויקטאָר אריינגעצויגן אין טעכנישע קאָנספּיראַטיווע ענינים. אליין האָט ער אין 1906 זיך באַטייליקט אין דעם באַרימט־געוואָרענעם פּוילישן שילער־שטרייק. ער האָט געהערט צו א שילער־קאָמיטעט, וואָס האָט געקעמפט קעגן צארישן בילדונג־סיסטעם אין די פּוילישע שולן. דער גאנצער קאָמיטעט איז ארעסטירט געוואָרן און צו 16 יאָר האָט שוין וויקטאָר אלטער פארזוכט דעם טעם פון טורמע. צוליב זיין מינדעריעריקייט האָט מען אים באלד ארויסגעלאָזט, דערביי אָבער האָט ער באקומען א „וואָלפישן בילעט" — מען האָט אים ארויסגעוואָרפן פון מיטל־שול אָן רעכט ווייטער זיך צו לערנען אין וועלכער נישט איז שול אויפן גאנצן שטח פון דער אמאָליקער צארישער אימפעריע.

אלטער איז דאן אוועק קיין בעלגיע. א דאנק זיינע גרויסע פעאיקייטן, האָט ער במשך פון גאָר א קורצער צייט באַלייגט עקזאמען אלס עקסטערן און איז אָנגעקומען אין פּאָליטעכניקום אין ליעזש; שפּעטער האָט ער שטודירט אין גענט. אין יאָר 1910 האָט דער 20־יאָריקער אלטער שוין געהאט פארענדיקט 2 פּאָליטעכנישע פאקולטעטן — עלעקטריציטעט און מעכאניק.

נאָכן פארענדיקן דעם שטודיום האָט ער זיך געמאָלדן צו דער אָנפירונג פון „בונד", וואו ער איז שוין א פּאָר יאָר געוועזן א מיטגליד, אז מען זאָל אים שיקן אויף אומלעגאַלער ארבעט קיין רוסלאנד. אין יאָר 1912 איז ער אלס שליח פון „בונד" געקומען קיין ווארשע מיטן ציל אָנצופירן דעם קאמפּיין פון די אידישע ארבעטער צו די געפּלאנטע פארזיכערונגס־קאַסעס. לאנג איז אים אָבער נישט באַשערט געווען צו טון זיין וויכטיקע ארבעט. די צארישע אָכראנע איז געפאלן אויף זיינע שפּורן און האָט אים ארעסטירט.

א געווויסע צייט איז ער געזעסן אין טורמע און דערנאָך האָט מען אים פארשיקט קיין סיביר. אהין איז ער אָנגעקומען שוין מיט א צוגעגרייטן פאַספּאָרט צווישן די זוילן פון זיינע שיך, און גאָר גיך איז ער פון ווייטן קאלטן צפון אין סיביר אנטלאָפן קיין אויסלאנד.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך וויקטאָר אלטער געפונען אין ענגלאנד. ער האָט דאָרט געארבעט אין א פאבריק אלס פּשוטער ארבעטער און דערנאָך אלס אינזשעניער. ער האָט פארנומען אן אויסגעשפּראָכן קעגנערישע שטעלונג צום דעמאָלטיקן קריג און האָט געהערט צום לינקן אינטערנאציאָנאליסטישן פליגל פון דער סאָציאליסטישער באַוועגונג. ער איז געווען טעטיק אין דער ענגלישער ארבעטער־באַוועגונג און האָט געהערט צו דער אומאָפּהענגיקער ארבעטער־פּארטיי (איי. על.

פּי.), דעמאָלט א באשטאנד־טייל פון דער לייבאָר־פּארטיי. אין ענגלאנד האָט אלטער זיך שטארק באפריינדעט מיט טשיטשערינען, דעם שפּעטער־דיקן סאָוועטישן אויסערן־קאָמיסאר.

## אין דער רוסלענדער רעוואָלוציע

די גרויסע רוסלענדער רעוואָלוציע פון 1917 האָט אים ניט געלאָזט פארבלייבן אין ענגלאנד. אים האָט געצויגן צום ברייזנדן פּאָליטישן לעבן. ער זעצט זיך אויף א שיף און צוזאמען מיט א ריי אנדערע רוסלענדער רעוואָלוציאָנערן פאָרט ער אָפּ קיין רוסלאנד.

ער איז טעטיק פריער אין אוקראינע און שפּעטער אין מאָסקווע. אין זעלבן יאָר (1917) ווערט ער אויסגעקליבן אין צענטראל־קאָמיטעט פון „בונד".

נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש איז ער נאָך געווען א געוויסע צייט ווייטער טעטיק אין דער פּאָליטישער ארבעט אויף דער טעריטאָריע פון רוסלאנד. אין יולי 1918 האָט ער זיך נאָך באטייליקט אין אן ארבעטער־קאָנפערענץ, אין מאָסקווע, וואָס די סאָציאליסטן האָבן צונויפגערופן. די אָנטיילנעמער פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ זיינען ארעסטירט געוואָרן. דאן האָט וויקטאָר אלטער דאָס ערשטע מאָל, אָבער נישט דאָס לעצטע, פארזוכט דעם טעם פון סאָוועטישער תפיסה.

דאָס צווייטע מאָל איז אלטער געזעסן א קורצע צייט אין א סאָוועטישער תפיסה זומער 1921. ער איז דאן געווען א דעלעגאט פון „בונד" אין פּוילן אויפן צווייטן קאָנגרעס פון „קאָמינטערן" (דער „בונד" ווי א ריי אנדערע לינק־סאָציאליסטישע פארטייען האָט דעמאָלט געפירט אונטערהאנדלונגען וועגן צושטיין צום „קאָמינטערן"). פאר איבערגעבן א בריוו פון אן ארעסטירטן רוסישן סאָציאליסט צו דער דעלעגאציע פון דער ענגלישער קאָמוניסטישער פּארטיי האָט מען אלטערן ארעסטירט. אלס פּראָטעסט קעגן דעם האָט ער באלד דערקלערט א הונגער־שטרייק, וואָס האָט געדויערט 11 טעג. אין יענער צייט, נאָך ווייט פון דער עפּאָכע פון די „מאָסקווער פּראָצעסן", האָט מען זיך נאָך איז קרעמל אביסל גערעכנט מיט דער עפנטלעכער מיינונג פון דער אינטערנאציאָנאַלער ארבעטערשאפט. כדי אויסצומיידן א סקאנדאל, האָט מען אלטערן ארויסגעלאָזט פריי.

## דענקער, קעמפער און פראקטישער טוער

אָנהויב 1919 איז וויקטאָר אלטער צוריקגעקומען קיין פּוילן. ער באזעצט זיך אין דער הויפּט־שטאָט ווארשע, וואו ער פארנעמט באלד אן אָנגעזעען אָרט.

ער האָט זיך בארימט געמאכט אלס רעדנער און שרייבער, אלס פּאָ־

טישער דענקער און פּראַקטישער טוער אויף א ריי געביטן. ער איז געבן ערליכן געוואָרן דער אָנערקענטער פירער פון „בונד" און פון די אידישע ארבעטנדיקע מאסן אין פוילן.

זיין געדאנק האָט קיינמאָל נישט גערוט. זיין קאָפּ האָט תמיד געזוכט עפּעס נייעס, געזוכט אן ענטפער אויף די פּראָבלעמען, וואָס דאָס לעבן האָט ארויסגערוקט. ער האָט אָפטמאָל די פּראָבלעמען דערזען פריער באר אנדערע, און אויך פריער פאר אנדערע געפּרואווט געבן א לייזונג.

באזונדערס שטארק האָבן אים אינטערעסירט די עקאָנאָמישע פראגן — דער קאמף קעגן נויט און ארבעטלאָזיקייט. נאָך אין דער צייט, ווען כמעט אלע האָבן געמיינט, אז דער סכום גאָלד, וואָס א מלוכה באזיצט, דעצידירט וועגן אירע עקאָנאָמישע אנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן, האָט וויקטאָר אלטער געפּרואווט באווייזן, אז עס קענען דערגרייכט ווערן גרויסע עקאָנאָמישע דערפאָלגן אין פארשידענע לענדער, אויך ווען זיי זיינען אָרעם אין גאָלד. מיט יאָרן שפּעטער איז דער דאָזיקער געדאנק געוואָרן באקרעפטיקט דורך פאקטן און איז היינט כמעט אן אלגעמיין אָנגענומענער אמת.

קרוב 20 יאָר צייט איז וויקטאָר אלטער געווען דער געוויילטער פאָרשטייער פון די אידישע ארבעטער אין ווארשעווער שטאָט־ראט און אין מאגיסטראט — דעם אויספיר־אָרגאן פון דער שטאָטישער זעלבסט־פארוואלטונג. דאָרט האָט ער זיך אויסגעצייכנט נישט בלויז מיט זיין בקיאות אין קאָמונאלערווירטשאפט. ער איז אויך געווען א מוסטער פון א סאָציאליסטישן קאָמונאלן טוער, וואָס פארשטייט צו זיין גלייכצייטיק אי קעמפעריש אי פּראקטיש, אי רעוואָלוציאָנער אי רעאליסטיש.

אין גאנג פון זיין ארבעט אין ווארשעווער שטאָט־ראט און מאגיסטראט האָט ער זיך ענג פארבונדן מיט די ברייטסטע אָרעמע אידישע שיכטן, וועלכע פלעגן צו אים אָפט קומען נאָך עצות און פּראקטישער הילף. און הילף האָט ער קיינעם נישט אָפּגעזאָגט. ער האָט זיך תמיד באטראכט פאר א דינער פון דער אידישער באפעלקערונג און האָט געהאָלפן יעדן, וועלכער האָט זיך צו אים געווענדט. טויזנטער, טויזנטער אידן פון ווארשע האָבן ביי אים געזוכט שוץ קעגן די עוולה, וואָס זיי האָבן געליטן פון דער שטאָט. און זיי האָבן זיין שוץ שטענדיק באקומען. „דורך קאמף קעגן די עוולות לגבי א יחיד, וואָס ווערן באגאנגען דורך דער רעאקציאָנערער און אנטיסעמיטישער מערהייט פון דער ווארשעווער שטאָטישער אָנפירונג, באקעמף איך די רעאקציאָנערע און אנטיסעמיטישע פּרינציפּן פון דער מערהייט פון אונזערע ווארשעווער שטאָט־באלעבאטים" — פלעגט ער אָפטמאָל זאָגן.

זיינע ארויסטרעטונגען אין שטאָט־ראט זיינען געווען זאַכלעכע און גלייכצייטיק פול מיט שארפע פיילן קעגן דער רעאקציע. פלעגט ער

טאקע נישט איינמאָל אויפשטורמען דעם שטאָט־ראט פון פוילנס הויבט־שטאָט און די רעאקציאָנערע און אנטיסעמיטישע פוילישע פרעסע פלעגט אים ביטער אטאקירן.

אלטער האָט זיך זייער פיל אָפּגעגעבן מיט זשורנאליסטישער טעטיקייט אין דער פוילישער שפּראַך. אין הערבסט 1931 איז אים געלונגען צו רעאליזירן זיינעם אַן אלטן פּלאַן — ער האָט אָנגעהויבן ארויסגעבן א סאָציאליסטישע טעגלעכע קאמפּס־צייטונג אין דער פוילישער שפּראַך („פּיסמאָ צאָדזיענגע").

געדרוקט אין דער דרוקעריי פון דער בונדישער „פאָלקסצייטונג", נישט פאַרמאָגנדיק די נויטיקע פינאנציעלע מיטלען, האָט זיך די צייטונג געהאלטן אויסשליסלעך א דאנק דער ענערגיע, איבערגעגעבנקייט און ארבעטזאמקייט פון אלטערן און עטלעכע מיטארבעטער. ס'איז געווען א זייער מוטיקע קאמפּסטריבונע קעגן רעאקציע, קאפּיטאליזם, אנטיסע־מיטיזם. אָבער טאקע דערפאר איז זי דורך דער פוילישער רעגירונג מוראדיק פאַרפאָלגט געוואָרן. טאָג נאָך טאָג האָט די צענזור זי קאָנפיס־קירט. געווען אפילו טעג ווען נאָך דער ערשטער קאָנפיסקאציע איז גע־קומען א צווייטע און א דריטע פון די ווייטערדיקע אויפלאַגעס. און ווען דאָס אלץ האָט נישט געבראָכן די רעדאקציע מיט אלטערן בראש, האָט די רעגירונג פאַרמאַכט די דרוקעריי און אזוי־ערנאָך געמאכט אוממעגלעך די דערשיינונג סיי פון דער דאָזיקער פוילישער צייטונג, סיי פון דער בונדישער „פאָלקסצייטונג".

און נאָך אַן עפּיזאָד איז ווערט דאָ צו דערמאנען. אין מאי 1935 איז געשטאָרבן יוזעף פּילסודסקי. אלטער איז צו יענער צייט געווען רעדאקטאָר פון בונדישן וואָכנבלאַט אין דער פוילישער שפּראַך „נאָווע פּיסמאָ". ווי אלע צייטונגען, האָט דעמאָלט אויך די „נאָווע פּיסמאָ" פאַרעפנטלעכט אן ארטיקל וועגן פּילסודסקין, אָבער אין קעגנזאַץ צום רוב פוילישע צייטונגען איז דאָס געווען א קריטישער ארטיקל, נישט קיין טרויער־ארטיקל אין א שווארצער ראַם. אלס שטראָף דערפאר איז דער זשורנאל פארמאכט געוואָרן און אלטערן גופא האָבן געדראָעט ערנסטע קאָנסעקווענצן.

## פירער פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאסן־פאַריינען

א חוץ זיין ברייטער פּאָליטישער טעטיקייט אלס מיטגליד פון צענטראל־קאָמיטעט פון „בונד", אלס בונדישער פאָרשטייער אין דער וואַרשעווער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, אלס מיטארבעטער פון דער „פאָלקס־צייטונג" און רעדאקטאָר פון בונדישע וואָכנבלעטער אין דער פוילישער שפּראַך, איז וויקטאָר אלטער אויך געווען איינער פון די הויפּט־בויער

און הויפּט־פירער פון דער אידישער און אלגעמיינער פּראָפעסיאָנעלער באוועגונג אין פּוילן, פון ארבעטער־קאָנסום־קאָאָפּעראטיוון, פון ארבעטער־קרעדיט־צענטראלע, פון פּראָדוציר־קאָאָפּעראטיוון און וואוינונג־קאָאָפּעראטיוו.

א באזונדער הערלעך און וויכטיק קאפּיטל שטעלט מיט זיך פאָר זיין טעטיקייט אלס פאריינס־פירער. אלטער איז במעט פון סאמע אָנהויב געשטאנען אין שפּיץ פון דער אידישער פּראָפ. באוועגונג אין אומאָפּהענגיקן פּוילן. נאָך 1922 ווען די אידישע פאריינען האָבן זיך פאריייניקט מיט די פּוילישע און צוזאמען אויסגעבילדעט א פאריייניקטע אינטערנאציאָנאלע פּראָפ. באוועגונג פון גאנץ פּוילן, איז אלטער געוואָרן דער וויכטיקסטער וואָרט־פירער און פארטרייאונגס־מאן פון דער אידישער ארבעטערשאפט אין דער אלגעמיינער פּראָפעסיאָנעלער באוועגונג פון לאנד. ער איז געווען די גאנצע צייט זינט דער אנטשטייאונג פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע (אין 1922) דער פאָרזיצער פון לאנד־ראט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאריינען — א פאריייניקונג פון פאריינען, וואָס האָט פונקציאָנירט, ווי אן אויטאָנאָמער טייל פון דער אלגעמיינער פעדעראציע פון די פאריינען אין פּוילן און האָט ארומגענומען די אידישע ארבעטער פון אלע פאכן און פארשידענע ריכטונגען, די קאָמוניסטן איינגעשלאָסן. די אָנגעשלאָסענע אין לאנד־ראט פאריינען האָבן אין לעצטן פעריאָד געציילט בערך 100 טויזנט מיטגלידער.

וויקטאָר אלטער איז געווען דער פירנדער גייסט פון די אידישע פאריינען. ער האָט זיי געהאָלפן אָרגאניזירן, ער האָט אויפגעשטעלט פאר זיי די וויכטיקסטע אלגעמיינע פּראָבלעמען און, ווען נויטיק, צוגעהאָלפן אין די גרויסע אקציעס און שטרייקן. אויפן געביט פון דער פּראָפעסיאָנעלער באוועגונג האָט ער אויך דעם היסטאָרישן פארדינסט, וואָס ער איז געווען איינער פון די, וועלכע האָבן געהאָלפן פארייניקן די אידישע ארבעטער מיט דער אלגעמיינער פּראָפעסיאָנעלער באוועגונג, וואָס האָט ארומגענומען די פּוילישע ארבעטער, ווי אויך די ארבעטער פון אנדערע נאציאָנאלע מינדערהייטן. אין עקזעקוטיוו פון דער פעדעראציע פון אלע פאריינען פון לאנד האָט וויקטאָר אלטער נישט נאָר רעפּרעזענטירט די אידישע ארבעטער, נאָר אויך אויסגעאיבט אן איינפלוס אויף דער פּאָליטיק פון דער אלגעמיינער פּראָפ. באוועגונג. גאנץ אָפט פלעגט די פעדעראציע פון אלע פאריינען אים שיקן אלס איינעם פון אירע דעלעגאטן אויף די קאָנגרעסן און עקזעקוטיוו־זיצונגען פון פּראָפעסיאָנעלן אינטערנאציאָנאל, וואו ער האָט געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאמקייט סיי מיט זיין זאכלעכקייט און באהאוונטקייט, סיי מיט דער פרישקייט און אָריגינעלקייט פון זיין געדאנק.

ווי אומעטום, האָבן אויך אין פּוילן די פאריינען נישט אויסגע־

מיטן קיין ברידער־קריגן און שארפע צוזאמענשטויסן. וויקטאָר אלטער האָט זיך שטענדיק באמיט צו געפינען א געמיינזאמע שפראך אין אר־בעטער־לאגער, ארויסרוקן אין פאָדערגרונט דאָס, וואָס פאראייניקט און נישט דאָס, וואָס עס צעטיילט זיי. דערביי האָט ער שטענדיק געדענקט, אז פשרות, אפילו אין ארבעטער־לאגער גופא, קענען געמאָלט זיין נאָר ביז א געוויסער גרענעץ, ווען זיי דראָען נישט צו פארווישן די גרונט־פרינציפן פון דער סאָציאליסטישער און ארבעטער־באוועגונג.

די פראפ. ארבעט, וואָס האָט ביי אים אוועקגערויבט אזוי פיל צייט און ענערגיע, האָט אלטער במשך פון פיל יאָר געטון אָן שום מאטעריעלער באלוינונג. אין די יאָרן, ווען ער איז געווען אין ווארשעווער מאגיס־טראט, האָט ער באקומען דערפאר א גאנץ הויכן געהאלט, דעם דאָזיקן געהאלט האָט ער אוועקגעגעבן דער פארטיי. געלעבט האָט ער פון דער באשיידענער פענסיע אלס אָנגעשטעלטער פון דער ארבעטער־קרעדיט־צענטראלע און אין די לעצטע יאָרן פון די מאָגערע פארדינסטן אלס שרייבער און זשורנאליסט.

צוויי פון זיינע טאטן זיינען ווערט באזונדערס ארויסגערעכנט צו ווערן. נאָך היטלערס קומען צו דער מאכט האָט וויקטאָר אלטער, צוזאמען מיטן נישט־לאנג פארשטאָרבענעם סעקרעטאר פון טראנספאָרט־ארבעטער אינטערנאציאָנאל, עדאָ פימען, און נאָך א דריטן ארבעטער־טוער, אָרגא־ניזירט א געהיימע ראדיאָ־סטאנציע. איר ציל איז געווען צו שיקן פריי־הייט־ידיעות צום פארשקלאפטן דייטשן פאָלק. די געהיימע ראדיאָ־סטאנציע, וואָס אלטער האָט געהאָלפן אָרגאניזירן און אלס אינזשעניער אליין געהאָלפן בויען, איז געוואָרן איינגעאָרדנט אויף א שיף ביים פוילישן ים־ברעג.

און די צווייטע טאָט. נאָכן צוריקקומען פון שפאניע, וואו ס'איז אָנגעגאנגען דער בירגער־קריג, האָט אלטער אנטוויקלט א זייער ברייטע פראָפאגאנדע־טעטיקייט פאר העלפן דעם קאמף פון די שפאנישע פאָלקס־מאסן קעגן פראנקאָ און זיינע אונטערשטיצער, היטלער און מוסאָליני. ער האָט דאן ארויסגעלאָזט א ספעציעלע בראָשור אין דער פוילישער שפראך, געווידמעט דעם שפאנישן פרייהייטס־קאמף (אין דער בראָשור איז אויך געווען געדרוקט אן ארבעט פון דעם בארימטן עסטרייכישן שוץ־בונד־פירער און גענעראל פון דער שפאנישער רעפובליקאנישער ארמיי, יוליוס דויטש). ער איז אויך געווען צווישן א קליינער גרופע פוילישע פריינס־טוער, וועלכע האָט אָרגאניזירט א געווער־שמוגל פון פוילן פאר די שפאנישע פרייהייט־קעמפער.

## מחבר פון וויכטיקע ווערק

זייענדיק ביז איבערן קאָפּ ארייגעטון אין דער טאָג־טעגלעכער פאָליטישער און פראקטישער ארבעט, האָט ער דאָך ארויסגעוויזן א גרויסן

אינטערעס צו טעאָרעטישע פּראָבלעמען. ביי זיין גאַנצער פאַרנומענקייט האָט ער געפונען צייט און געדולד אָנצושרייבן אייניקע גרעסערע ווערק, וועלכע זיינען דערשינען אין אידיש, פּויליש און פראַנצויזיש. (ער האָט באַהערשט 7 שפּראַכן: אידיש, פּויליש, רוסיש, פראַנצויזיש, ענגליש, דייטש און איטאַליעניש).

לאָמיר דאָ אָנווייזן אויף אייניקע פון זיינע ווערק:

1. וואָס איז אזוינס אַרבעטער־קאָאָפּעראַציע ? (אידיש);
2. דער אמת וועגן פאַלעסטינע (אידיש);
3. דער סאָציאַליזם אין קאַמף (אידיש און פּויליש);
4. ווי אזוי פאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליזם ? (פראַנצויזיש);
5. ווי אזוי באַקעמפן די אַרבעטסלאָזיקייט ? (פּויליש);
6. שפּאַניע אין פייער (פּויליש);
7. ווען סאָציאַליסטן וועלן קומען צו דער מאַכט... (סקיץ פון א פּראָגראַם פון סאָציאַליסטישער איבערבוי־אַרבעט — פּויליש און פראַנצויזיש);
8. דער ווירטשאַפטלעכער אַנטיסעמיטיזם אין ליכט פון ציפערן (פּויליש);
9. צו דער אידן־פראַגע אין פּוילן (אידיש);
10. דער מענטש אין דער געזעלשאַפט.

דאָס לעצטע בוך איז אַרויס אין פּויליש, דער מחבר האָט אויך צוגעגרייט אַן אויסגאַבע פון זעלבן בוך אין פראַנצויזיש, צו וועלכן לעאָן בלום האָט אָנגעשריבן א באַגייסטערטע פאָררעדע. צוליבן מלחמה־אויסברוך האָט די פראַנצויזישע אויסגאַבע שוין נישט געקענט דערשיינען.

יאָ, וויקטאָר אַלטער האָט אָנגעשריבן נאָך א בוך — דאָס מאָל א ריין וויסנשאַפטלעך ווערק, אָן פּאָליטיק. דאָס איז א בוך וועגן פיזיק. ס'איז זיין לעצט לעבנס־ווערק און געשריבן האָט ער עס אין דער סאָוועטישער טורמע בעת זיין ערשטן אַרעסט.

לכתחילה האָט אים די סאָוועטישע תפיסה־מאַכט נישט געגעבן די מעגלעכקייט צו שרייבן דאָס דאָזיקע ווערק. ער האָט דעריבער געקעמפט (מיט הונגער־שטרייקן) און ער האָט געפועלט, מען זאָל א טייל אָנגעשריבענע בלעטלעך צושיקן אלס פּראָבע צו דער סאָוועטישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע, כדי זי זאָל אַרויסזאָגן איר מיינונג וועגן דער אַרבעט. איר ענטפער איז געווען, אז דאָס ווערק האָט א וויסנשאַפטלעכן ווערט און דאַרף אָנגעשריבן ווערן. אזוי אַרום האָט אַלטער באַקומען א מעגלעכקייט צו פאַרפאַסן אין טורמע א ווערק וועגן פיזיק, וואָס דאַרף

זיך געפונען אין רשות פון דער סאָוועטישער וויסנשאַפטלעכער אקאדעמיע.

ווען ער איז שוין געווען אין שאָטן פון טויט, האָט ער געווענדט זיין בליק צו די אייביקע אמתן און גרונט־געזעצן פון לעבן, וואָס קיין שום טיראַן און הענקער קאָנען נישט ענדערן.

## א פלאַן, וואָס די מלחמה האָט צעשטערט

בכלל איז מאטעמאטיק געווען זיין ליבלינג. אין איר האָט ער געפונען א גייסטיקן אָפּרו נאָך דער אָנגעשטרענגטער ארבעט. שוין פלעגט ער זיצן און ארבעטן איבער קאָמפּליצירטע מאטעמאטישע אויפגאַבן.

שווערע פּראָבלעמען האָבן אים געלאָקט. ער האָט זיי ליידנשאַפטלעך געזוכט, אָבער נישט לשם מוח־גימנאַסטיק, נאָר כדי צו געפינען פאַר זיי א קאָנקרעטע ליזונג. אין דער הינזיכט איז כאראַקטעריסטיש זיין פּלאַן וועגן קאַרטוז־בערעזע. אין פוילן האָט אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה עקזיסטירט א קאָנצענטראַציע־לאגער אין שטעטל קאַרטוז־בערעזע. דער רעזשים איז דאָרט געווען א מוראדיקער, די באציאונג צו די ארעסטירטע א שענדלעכע, אַן אמתער פייניקונגס־לאגער. די ארבעטער־פּרעסע האָט געפּרואווט פּראָטעסטירן, ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך באמיט צו רעאגירן — אָבער יעדער פּרואוו פון פּראָטעסט איז ברוטאַל דערשטיקט געוואָרן. קאַרטוז־בערעזע איז דורך די ליבעראַלע עלעמענטן פון לאַנד באטראַכט געוואָרן ווי אַן אייטערדיקע וואונד, צו וועלכער מען קען זיך נישט צורירן. אין צוזאמענהאַנג דערמיט איז די לעצטע וואָכן פאַרן קריגס־אויסברוך ביי אַלטערן רייף געוואָרן דער געדאַנק צו באגיין אזא טאַט, פאַר וועלכער מען פלעגט געוויינלעך שיקן קיין קאַרטוז־בערעזע. קומענדיק אהין, האָט ער געפּלאַנט, וועט ער נישט אויספירן די ביידזווילעקע פאַראָרדענונגען, וואָס וועט זיך מוזן פאַר אים ענדיקן מיטן איינציק מעגלעכן רעזולטאַט: טויט אונטער די קלעפּ פון די פּאָליציאַנטן. זיין טויט, האָט ער געטענהט, וועט מוזן ארויסרופן א שטורעם אין לאַנד און וועט אפשר ווירקן אויף צו לינדערן די לאַגע פון די הונדערטער, וואָס האָבן דאָס אומגליק ארייַנצופאַלן אין קאָנצענטראַציע־לאגער. ער האָט וועגן דעם גערעדט מיט זיינע נאָענטסטע. הגם זיי האָבן אים שטאַרק אָפּגערעדט דערפון, האָט ער זיך פאָרט דערצו געגרייט, און נאָר די אָנקומענדיקע מלחמה־געשעענישן האָבן זיין פּלאַן צונישט געמאַכט.

---

פוילן איז אין די לעצטע יאָרן פאַרן איצטיקן קריג געווען אַן ארענע פון שאַרפע פּאָליטישע און סאָציאַלע קאַמפן; צו דעם האָט נאָך די אידישע באפעלקערונג געהאַט אויסצושטיין פון דער ביטערער פּלאָג

פון אנטיסעמיטיזם, וואָס האָט זיך נאָך מער געשטאַרקט נאָך היטלערס קומען צו דער מאכט אין דייטשלאנד. די אידן האָבן דערפילט, וואָס עס דראָעט זיי מצד דעם פאשיזם און אנטיסעמיטיזם, זיי האָבן געזוכט א וועגווייזער, א פאַרקעמפער, און זיי האָבן זייער פנים געווענדט צום „בונד".

דער „בונד" פּראָקלאמירט איייניקע מאָל אלגעמיינע שטרייקן אלס ענטפער אויף דער אנטיסעמיטישער וואקכאנאליע — און די אידישע באפעלקערונג רופט זיך אָפּ סאָלידאריש. און ווען די אידישע באפעלקערונג האָט געהאט א מעגלעכקייט קלאָר ארויסצוברענגען איר ווילן, האָט זי עס געטון. בעת די שטאָט-ראט-וואלן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין גאנצן לאנד די לעצטע פּאָר יאָר פאר דער איצטיקער מלחמה, האָט די אידישע באפעלקערונג פון די גרויסע און מיטעלע שטעט אין איר מער-הייט אָפּגעגעבן אירע שטימען פארן „בונד". אין ווארשע, וואו ערליך און אלטער האָבן געפירט די ליסטע פון „בונד" און פון די פּראָפע-סיאָנעלע פאריינען, האָט זי פון 20 אידישע געוויילטע ראַטמענער דערוויילט 17.

דאָס איז געווען די שטים פון פוילישן אידנטום אויפן העכסטן פונקט פון זיין פּאָליטישן קאמף, — צוטרוי צו דער פארטיי, בראש פון וועלכער עס זיינען געשטאנען הענריק ערליך און וויקטאָר אלטער.

# דער קוואל פון אונזער גלויבן

א גוטער קאטויליקער מוז גלויבן, אז דער פויפסט קען נישט האָבן קיין טעות. א גוטער קאָמוניסט מוז גלויבן, אז סטאַלין באַגייט קיינמאָל קיין פעלערן נישט. א גוטער בונדיסט קאָן און דאַרף צו יעדער צייט פרעגן זיך, צי גייט זיין פּאַרטיי (מיט אים צוזאַמען) מיט דעם ריכטיקן וועג.

יעדער בונדיסט האָט דאָס רעכט פון קריטיק פון דער פּאָליטיק פון זיין פּאַרטיי. אָבער דער שטרענגסטער קריטיקער, דאָס איז די — ווירקלעכקייט גופא. און לאָמיר טאַקע אין ליכט פון דער דערפאַרונג קאָנטראָלירן די ריכטיקייט אָדער די פאַלשקייט פון די פּאָליטישע גרונט-געדאַנקען, וואָס האָבן באַשטימט די פּאָליטיק פון „בונד" פאַר די לעצטע 20 יאָר. די 20 יאָר, וואָס בילדן דעם צווייטן פּעריאָד פון אונזער פּאַרטיי־געשיכטע, פון דעם זיג פון דער רוסלענדער רעוואָלוציע ביזן היינטיקן טאָג.

לאָמיר גיין כסדר.

## א י י נ ה י י ט

בעת ביי דער אנטשטייאונג פון קאָמינטערן איז אויסגעבראָכן די מגפה פון שפּאַלטונגען אין דער ארבעטער־באַוועגונג, האָט זיך דער „בונד", נאָך קורצע וואַקלונגען, געשטעלט אנטשלאָסן אויף דעם באָדן פון איינהייט. דאָס האָט זיך דאַן אויסגעדאַכט צו זיין א האָפנונגסלאָזע פּאָזיציע. סיי די רעפאָרמיסטן, סיי די קאָמוניסטן האָבן דאַן געהאַלטן, אז די שפּאַלטונג איז אומפאַרמיידלעך, און... פּרוכטבאַר. דער „בונד" האָט געהערט צו יענער קליינער מינדערהייט אין דער ארבעטער-באַוועגונג, וואָס האָט באַטראַכט די שפּאַלטונג פאַר אן אומגליק, פאַר א קוואַל פון שוואַכקייט און מפּלות.

און היינט? נאָך ביטערע דערפאַרונגען פון 20 יאָר איז די גאַנצע אַרבעטער־באַוועגונג געקומען צו דער איבערצייגונג, אז די וויכטיקסטע גאַראַנ-

טיע פארן דערפאָלג פון פּראָלעטאַרישן קאַמף איז — איינהייט. די פּרינציפּיעלע אָנהענגער פון שפּאַלטונג זיינען אַנטשוויגן געוואָרן. און כאָטש די איינהייט איז נאָך נישט רעאַליזירט, אָבער דער בונדישער געדאַנק פון איינהייט האָט שוין געזיגט. אויף דעם געביט זיינען מיר געווען די פּאָרקעמפּער. דאָס לעבן האָט באַרעכטיקט אונזער שטאַנדפּונקט.

איר וועט נאָך טרעפן מענטשן, וואָס באַרעכטיקן די שפּאַלטונג „אַמאָל". זיי פארופן זיך אויף איר „היסטאָרישער נויטווענדיקייט". והא ראיה, — זי איז פאָרגעקומען. דאָס איז אָבער נישט קיין „ווויסנשאַפטלעכער" דאָקומענט. ווייל פּונקט אזוי קען מען דאָך „באַרעכטיקן" דעם זיג פון פאשיזם אין איטאַליע און דייטשלאַנד.

שפּאַלטונג איז געווען און איז שעדלעך. אָבער איינהייט קען אויך זיין פארשידנאַרטיק. ס'איז פאראַן די איינהייט לויט דעם סטאַלינישן מוסטער, וואו ס'הערשט אומטאָלעראַנץ און געוואַלט אין באַצוג צו יעדער אידייאישער מינדערהייט. דאָס איז אַן איינהייט, וואָס פירט אומפאַרמיידלעך צו נייע שפּאַלטונגען. און ס'איז פאַראַן אַן איינהייט לויט דעם בונדישן שטייגער, וואו פרייהייט פון געדאַנק פאָרט זיך מיט דיסציפּלין פון טאַט. דאָס איז די איינציקע לאַיאַלע, ברידערלעכע און דויערהאַפטע איינהייט.

## דעמאָקראַטיע און דיקטאַטור

מיר זיינען שטענדיק געווען אָנהענגער פון דעמאָקראַטיע. אָבער מיר האָבן באַקעמפט יענע רעפאָרמיסטישע אָנהענגער פון דעמאָקראַטיע, פאַר וועלכע פאַרלאַמענטאַריזם און אַלגעמיינע וואַל-רעכט זיינען הייליקייטן. מיר האָבן שטענדיק אַנטקעגנגעשטעלט דער פאָרמעלער פּאָליטישער דעמאָקראַטיע די אמתע סאָציאַלע דעמאָקראַטיע מיט איר טיפן קלאַסן-כאַראַקטער. מיר האָבן אויסגעשמידט דעם זאַץ: „פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור איז דאָס זעלבע, וואָס פּראָלעטאַרישע דעמאָקראַטיע". ווייל עס איז דיקטאַטור אין באַצוג צו פיינטלעכע קלאַסן, וואָס באַשיצן דעם גרויס-קאַפּיטאַל, און ס'איז פרייהייט און דעמאָקראַטיע פאַר די ארבעטנדיקע, וואָס ווילן אויפבויען א נייע אָרדענונג.

מיר האָבן דעריבער שטענדיק געהאַלטן פאַר וויכטיק די פּאָליטישע דעמאָקראַטיע אזוי לאַנג, ווי מיר האָבן נישט געקאָנט זי פארבייטן דורך א פולע דעמאָקראַטיע. מיר האָבן דעריבער שטענדיק באַקעמפט די קאָמוניסטישע גרינגשעצונג פון דער פּאָליטישער דעמאָקראַטיע אין דער קאַפּיטאַליסטישער

אָרדנונג און זייער אַנטי־דעמאָקראַטישע אויפפאַסונג פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור.

און דאָס לעבן האָט באַרעכטיקט אונזער שטעלונג. ווי ביטער צאָלן איצטער די דייטשע אַרבעטער פאַר דעם רעפאָרמיסטישן פּעטעשיזם פון פאָרמעלער דעמאָקראַטיע, פאַר דעם, וואָס זיי האָבן נישט געוואַגט, האָבנדיק די מאַכט, אָנפילן די דעמאָקראַטיע מיט אַ לעבעדיקן קלאַסן־אינהאַלט. און ווי ביטער צאָלן די מאַסן פון ראַטנפאַרבאַנד און די דאָרטיקע קאָמוניסטן גופא פאַר דעם כאַראַקטער פון דער ראַטן־רעגירונג, וואָס האָט געזינדיקט קעגן דער פּראָלעטאַרישער דעמאָקראַטיע. די מיט בלוט־באַגאָסענע אַליינהערשאַפט פון סטאַלינען איז דאָך אַ פּועל־יוצא פון דער פאַרלייקענונג פון דעמאָקראַטיע אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

מיר בלייבן דעריבער טריי אונזער שטעלונג, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ווייט נישט די גאַנצע אַרבעטער־באַוועגונג אָנערקענט זי. צום פּעטישיזם פון פאָרמעלער דעמאָקראַטיע מצד דעם רעפאָרמיזם איז היינט צוגעקומען דער זעלבער פּעטעשיזם (יעדנפאַלס אין ווערטער) מצד די קאָמוניסטן אין באַצוג צו די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. מיט אַ באַזונדער ענערגיע דאַרפן מיר דעריבער קעמפן קעגן די צוויי עקסטרעמען.

קעגן דער פּערזענלעכער דיקטאַטור, אַריינרעכענענדיק די סטאַלינישע, — פאַר פּראָלעטאַרישע דעמאָקראַטיע.

קעגן פאָרמעלער דעמאָקראַטיע, וואָס מאַכט שלום מיט דער סאָציאַלער קלאַסן־אונטערדריקונג — פאַר פּראָלעטאַרישער דעמאָקראַטיע, וואָס בינדט צונויף די פּאָליטישע דעמאָקראַטיע מיט אַ ראַדיקאַלן איבערבוי פון דער היינטיקער אָרדענונג.

מיר בלייבן טריי אונזער לאָזונג: פון די גאַנצע 20 יאָר: „פּראָלעטאַרישע דעמאָקראַטיע — וואָס איז דאָס זעלבע, וואָס פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור — בלייבט אונזער אוממיטלבאַרער ציל״.

## די באַציאונג צו מיטעלע שיכטן

ס'טומלט זיך לעצטנס אין דער סאָציאַליסטישער וועלט מיט די אַזוי גערופענע „מיטעלע שיכטן״. פיל סאָציאַליסטן האָבן מיטאַמאָל אויפסניי אַנטדעקט, אַז די אַרבעטער־באַוועגונג טאָר נישט פאַרגעסן וועגן די קליינבירגערלעכע עלעמענטן. די קאָמוניסטן האָבן זיך מיטאַמאָל איבערצייגט, אַז אַ פאַרשטענדיקונג צווישן אַרבעטער און בירגערלעכע דעמאָקראַטן, אויף דעם

באַדן פון קאַפּיטאַליזם (אָדער „פּאָלקספּראַנט") איז די איינציקע ריכטיקע פּאָליטיק.

די דאָזיקע „נייע" טעאָריעס זיינען שוין גאָרנישט ניי. עס איז דער אַלטער רעפאָרמיזם נאָר מיט א נייעם נאָמען. ניי איז בלויז די געענדערטע שטעלונג פון די קאָמוניסטן, וואָס האָבן געפּרעדיקט א קאמף אויף לעבן און טויט קעגן די „קולאקעס".

ווי אזוי איז געווען אין דער דאָזיקער פראגע אונזער שטעלונג?

מיר האָבן באַקעמפט סיי די קאָאַליציע-פּאָליטיק פון די רעפאָרמיסטן, וואָס האָט באַדייט צופּאַסן זיך צום קאַפּיטאַליזם, סיי די איזאָלאַציע-פּאָלי-טיק פון די קאָמוניסטן, וואָס האָט געשטופּט דאָס קליינבירגערטום אין די אָרעמס פון דער רעאַקציע.

מיט 13 יאָר צוריק האָבן מיר געשריבן („וואָלקא" נר. 5, דעצעמבער 1924):

„...פּאָליטיש דאַרף די סאָציאַליסטישע באַוועגונג שטרעבן צו א וואָס גרעסערער נייטראַליזירונג פון די קליינבירגערלעכע עלעמענטן... דעריבער האָט דער לאָזונג פון אַן אַרבעטער און פּויערים־רעגירונג, וואָס דאַרף פאַר-שטאַנען ווערן אַלס א לאָיאַלע צוזאַמענאַרבעט מיט דעם קליינבירגערטום פאַר א טיילווייזער לכל לפּחות רעאַליזירונג פון סאָציאַליסטישן פּראָגראַם, א גאַנץ רעאַלע באַדייטונג. מען מוז געדענקען, אַז די דאָזיקע צוזאַמענאַרבעט טאָר נישט באַשטיין אין א פאַנאַנדערטיילונג פון מיניסטאָרישע פּאָרטפעלן, נאָר אין דער אָנערקענונג פון א פּלאַטפאָרם פון סאָציאַליסטישע טאַטן... עס קען אָבער נישט זיין קיין שום רייד וועגן צוזאַמענאַרבעט מיט פאָרשטייער פון גרויס קאַפּיטאַל..."

ס'זיינען אריבער 13 יאָר און געווי די זעלבע געדאַנקען דינען אַלס א ריכטליניע פאַר אונזער היינטיקער טאַקטיק, זיי קלערן אויף אין דער פולער מאָס סיי אונזער קעגנערשאַפט צו דער רעפאָרמיסטישער קאָאַליציע-פּאָליטיק פון אַלטן שניט, סיי צו איר קאָמוניסטישער אויפלאַגע אונטערן נאָמען פון „פּאָלקספּראַנט".

און ס'איז פאַרשטענדלעך, אַז אַזעלכע פּרינציפּן מאַכן פאַר אונז אוממעגלעך צו אַקצעפּטירן דעם לעצטן קאָמוניסטישן „אויפטו" וועגן „אחדות" פון גאַנצן פאָלק".

## נאַציאָנאַלע קולטור און אינטערנאַציאָנאַליזם

יאָרנלאַנג האָט מען אונז קריטיקירט: איר זייט נאַציאָנאַליסטן, ווייל איר פלעגט די נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן פון די אידישע מאַסן און שטערט דעריבער זייער אייניקונג מיט דער נישט־אידישער באַפעלקערונג.

האָבן מיר געענטפערט: נישטאָ קיין אנדערער אופן פון א ווירדיקער אייניקונג פון די מאַסן פון פאַרשיידענע פעלקער, ווי דורך אַן אויפבוי פון זייערע נאַציאָנאַלע קולטורן. און דאָס לעבן האָט באַוויזן, אַז דער בונדישער וועג צום אינטערנאַציאָנאַליזם איז דער איינציקער, וואָס קען אריינציען נישט נאָר יחידים אָדער קליינע גרופן, נאָר טאַקע ברייטע מאַסן. דער איינציקער, וואו אינטערנאַציאָנאַליזם פאָרט זיך מיט מענטשלעכער ווירדע.

מען האָט אונז פאָרגעוואָרפן, אַז מיר ווילן אריינקוועטשן די אידישע מאַסן אין זייער אָפגעשטאַנענער און אָרעמער קולטור, פאַרמאַכנדיק פאַר זיי אזוי ארום דעם וועג צו דער מאָדערנער און רייכער קולטור פון די אַרומיקע פעלקער. האָט דאָס לעבן באַוויזן, אַז די שעפערישע כוחות פון די אידישע מאַסן קענען אמבעסטן קומען צום אויסדרוק דווקא דורך זייער אייגענעם קולטורעלן אויפשוואונג. איז טאַקע דעריבער דער „בונד” געוואָרן איינער פון די מיטבויער פון דער מאָדערנער, סאָציאַליסטישער אידישער קולטור.

און ס'איז דאָך נישט קיין צופאַל, וואָס אַלע ריכטונגען אין דעם אידישן פּראָלעטאַרישן לעבן האָבן אין דער פראַגע אָנגענומען די שטעלונג פון „בונד”.

פון דער בירגערלעכער וועלט האָט מען אונז פאָרגעוואָרפן, אַז דער „בונד”, באַקעמפנדיק די טראַדיציאָנעל־אידישע איינשטעלונגען, מנהגים און אידעאַלן, שטעלט אין געפאַר דעם נאַציאָנאַלן קיום פון אידישן פאָלק. אויב נאַציאָנאַלער קיום הייסט נאַציאָנאַליזם, זיינען מיר שטאָלץ מיט אונזער קאַמף קעגן אים. מיר האָבן טאַקע באַוויזן, אַז ס'איז מעגלעך אריינגיסן אין דער נאַציאָנאַלער פאָרם פון דער אידישער קולטור דעם אויפריכטיקן אינטער־נאַציאָנאַלן אינהאַלט, וואָס באַהעפט גייסטיק די אידישע מאַסן מיט דער קעמפנדער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער אַרמיי.

דער „בונד” האָט געפּרעדיקט פאַר די אידישע מאַסן סיי דעם אינטער־נאַציאָנאַליזם, סיי דעם געפיל פון פּערזענלעכער און נאַציאָנאַלער ווירדע. מיר האָבן אָפּגעלייקנט די כלומרשטע מצווה פון ווערן ענלעך צו אנדערע פעלקער, פּונקט ווי מיר האָבן אָפּגעלייקנט די כלומרשט סאָציאַליסטישע „טעאָריע”,

## אין ווארשע, אויף נאוואָליפּיע 7

רעדאקציע־מיטגלידער פון דער טעגלעכער אידישער ארבעטער־צייטונג
אין פּוילן — די בונדישע „נייע פאָלקס־צייטונג"



פון רעכטס צו לינקס: ה. ערליך, וו. שולמאַן, ב. שעפנער, ל. האַדעס



פון רעכטס צו לינקס: ע. שערער, פּ. שוואַרץ, וו. אלטער, מ. אַזשעד



פון רעכטס צו לינקס: ד. נײמארק (אריה), ש. הערץ, ל. לעווין

# מיטגלידער פון צ. ק. פון „בונד” אין פוילן



ד”ר באָרים יאָפּע 1925-1893; ישראל ליכטענשטיין 1933-1883; יוסף לעשטשינסקי (כמורנער) 1935-1884.

אַז אין דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג דאַרפן אַלע מענטשן זיין גלייך איינער צום צווייטן.

אָבער נישט וועלנדיק קינסטלעך ענדערן אונזער הויט, האָבן מיר — די אידישע ארבעטער־באַוועגונג — גלייכצייטיק באַמיט זיך צו ווערן בעסער און שענער. צוזאַמען מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן מיר געשטרעבט אויפצוהויבן אין אונזער סביבה סיי דעם יחיד און סיי דעם כלל צו אַ העכערער מדרגה. סיי אין מאַטעריעלן זין, סיי אין גייסטיקן.

און די רעזולטאַטן פון די אָנשטרענגונגען באַווייזן, אַז דער וועג איז געווען אַ ריכטיקער און די אַרבעט נישט קיין אומזיסטע.

## א ו י ס פ י ר ן

אוודאי, האָבן מיר נישט אויסגעשעפּט אַלע גרונט־פּרינציפּן פון אונזער באַוועגונג. אָבער די אויבנגעבראַכטע ביישפּילן געניגן, כדי צו איבערצייגן

יעדן אָביעקטיוון מענטשן, אז אין אַלגעמיין און גאנצן האָט דער „בונד" פאר־שטאנען ריכטיק אָנצוצייכענען די ליניע פון זיין פּאָליטיק. אונזער אידייאישע שטעלונג האָט מיט גרויס דערפאָלג אויסגעהאַלטן די פייער־פּראָבע פון די לעצטע 20 יאָר.

און מיט דעם דערקלערט זיך, וואָס נישט געקוקט אויף די אומגעהויערע שוועריקייטן, נישט געקוקט אויף די אטאקעס פון אלע זיינע קעגנער און שונאים, איז דער „בונד" היינט אזוי איינפלוסרייך און אזוי אינערלעך געשלאָסן.

מיט דעם דערקלערט זיך, וואָס ער האָט אזא צוציאונגס־קראפט פאַר דער אידישער ארבעטער־יוגנט, וועלכע זוכט ווי יעדע יוגנט א קלאָרן און אויפריכטיקן ענטפער אויף די אַלע סאָציאַלע פראגן, וואָס פּייניקן זיי.

מיט דעם דערקלערט זיך, וואָס דער „בונד" האָט געפייערט זיין 40־יעריקן יובל אין א שטימונג פון גלויבן אין זיך אליין און אין זיין צוקונפט.

„נייע פאָלקסצייטונג", ווארשע, 26־טער נאָוועמבער, 1937.

## די יונגסטע — דער „סקיף"




ערשטער לאנד־צוזאמענפאָר פון סאָציאליסטישן קינדער־פארבאנד אין פּוילן.
אין פּרעזידיום: ה. ערליך, ש. זיגעלבוים, וו. אלטער, ל. אָלער, י. פּאַט, ל. האדעס א. א.

# נאָך דעם קאָנגרעס

דער זעקסטער קאָנגרעס פון די אידישע פּראָפעסיאָנעלע פאריינען איז אדורך אימפּאָזאנט. ער וועט זיכער האָבן א גרויסע באדייטונג פאר דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג פון אונזער פּראָפ. באוועגונג.

דער קאָנגרעס האָט דורכגעדרונגען אלע זיינע אנטיילנעמער מיטן געפיל פון קראַפט. די דעלעגאטן פון די 40 שטעט, וואָס זיינען געקומען צום קאָנגרעס, האָבן געפילט: מיר זיינען 72 טויזנט מענטשן, וואָס זיינען צוזאמענגעשלאָסן אין איין אָרגאניזאציע! מיר זיינען דער גרעסטער מאסן־כוח אויף דער אידישער גאס!

און דער דאָזיקער כוח האָט זיך ארויסגעוויזן אין אינערלעך־צעמענטירטער, א פעסטער. ס׳איז באמת געווען א קאָנגרעס פון איינהייטלעכקייט. אפילו די מיינונגס־פארשידנהייטן, וואָס זיינען געקומען צום אויסדרוק בעת דער דיסקוסיע, האָבן פאקטיש אונטערגעשטראָכן די פולע איינהייטלעכקייט אין באצוג צו די אייגנטלעכע אויפגאבן פון דער פּראָפעסיאָנעלער באוועגונג. און דאָס איז דאָך א גאראנטיע פון ווייטערדיקע דערפאָלגן.

דער קאָנגרעס האָט גלייכצייטיק דערפילט זיין ערשטע אויפגאבע. פאָרמולירן פאר דער גאנצער וועלט די נויטן און די פאָדערונגען פון די אידישע פאָלקס־מאסן. דאָס איז געשען באלד אויף דער ערשטער פייערלעכער זיצונג פון קאָנגרעס אין דער אָנוועזנהייט פון קנאפע צוויי טויזנט טוער פון דער באוועגונג. און די פּרעכטיקע שטימונג,ביי וועלכער ס׳איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן די דעקלאראציע פון קאָנגרעס זאָגט עדות, אז אלע האָבן פארשטאנען די וויכטיקייט פון דעם באשלוס: די אידישע ארבעטער־מאסן האָבן ארויסגעשריען זייער רוף צו דער אידישער און פּוילישער געזעלשאפטלעכקייט.

און איצטער דארף מען זען, אז דער רוף זאָל טאקע דערגיין צו די, צו וועלכע ער איז אדרעסירט.

בנוגע דער אידישער גאס איז דאָס א פארהעלטניסמעסיק לייכטע אויפגאבע.

שווערער איז פארשפרייטן די דעקלאראציע צווישן די מיליאָנען פוילישע ארבעטנדיקע. דער לאנד-ראט וועט מוזן געפינען די נויטיקע דערצו פינאַנציעלע און אָרגאניזאציאָנעלע מיטלען. ס'איז א גרויסע אויפגאבע, אָבער זי מוז דערפילט ווערן.

* * *

די צווייטע אויפגאבע פון קאָנגרעס איז באשטאנען אין לייזן א ריי פּראָבלעמען פון דעם אינערלעכן לעבן פון דער באוועגונג. א טייל פון זיי טראָגן א קאָנסטיטוציאָנעלן כאראקטער. דאָס איז דער סכום פּראָבלעמען, וואָס האָבן א שייכות צו דער פראגע פון פּראָלעטאַרישער דעמאָקראַטיע אין די פּראָפ. פאריינען.

דער קאָנגרעס האָט פארנומען אין די אלע שטרייטיקייטן א קלאָרע שטעלונג. ער האָט אומצווייַדייטיק פּראָקלאמירט דאָס רעכט פון יעדן מיטגליד אויף זיין מיינונגס-פרייהייט אין דער באוועגונג, און דאָס רעכט פון אלע מיטגלידער אליין צו באשטימען דעם גורל און דאָס לעבן פון זייער אָרגאַניזאציע. דער קאָנגרעס האָט אייפערזיכטיק פארטיידיקט די אָרגאַניזאַציאָנעלע זעלבסטשטענדיקייט פון דער פּראָפעסיאָנעלער באוועגונג און קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט זיך צו פארבייטן די פּראָפ. פאריינען דורך א פארשטענדי-

## לאנד־ראט פון די אידישע פּראָפעסיאָנעלע פאריינען אין פוילן



אין דער ערשטער רייע זיצנדיק פון רעכטס: י. ליפשיץ, ח. וואסער, א. גאָלדבערג, מ. אָזשעך, שרה שוועבער, וו. אלטער, י. גוטגאָלד, ס. ליכטנשטיין.

קונג צווישן פּאָליטישע פּארטייען. גלייכצייטיק האָט דער קאָנגרעס אונטער־
געשטראָכן זיין גרייטקייט ברידערלעך צוזאמענארבעטן אין פּאָליטישע פראגן
מיט די אלע פּראָלעטארישע פּארטייען, וואָס אנערקענען די אָרגאניזאציאָ־
נעלע כּללים פון אונזער פּראָפ. באוועגונג און ווילן לאָיאַל צוזאמענארבעטן
מיטן לאנד-ראט.

זייט לאנגע יאָרן זיינען אזעלכע ברידערלעכע באציאונגען איינגעשטעלט
צווישן דעם לאנד־ראט — אלס רעפּרעזענטאַנץ פון דער גאנצער פּראָפ. בא-
וועגונג — און דעם „בונד". אויף דעם קאָנגרעס האָבן אויך אנדערע ריכטונ-
גען אין דער אידישער ארבעטער-באוועגונג דערקלערט זייער גרייטקייט צו
אזא „קעגנזייטיקער ליבע". דער קאָנגרעס האָט די דערקלערונגען גענומען
מיט צופרידנקייט צו קענטעניש, אין דער האָפענונג, אז נאָך די ווערטער
וועלן קומען אנטשפּרעכנדיקע טאטן.

און אויב דאָס וואָלט געבראכט צו אן אנטשפּאנונג און די אופנים פון
קאמף צווישן באזונדערע פּראָלעטארישע פּאָליטישע פּארטייען, וואָלט דאָס
זיכער געווען נאָך א פּאָזיטיווער רעזולטאט פון דעם קאָנגרעס.

* * *

„פרייהייט פון גערעדט-דיסציפּלין אין טאַט" — דאָס איז דער ערשטער
גרונט-געדאנק פון דער „קאָנסטיטוציע" וואָס דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען.
און דער צווייטער — דאָס איז — „ברידערלעכקייט און חברישקייט צווישן
אלע פאריינס-מיטגלידער".

און דער קאָנגרעס האָט דערביי אויסגעטייטשט: אמתע ברידערלעכקייט
באדייט, אז יעדער פאריינס-מיטגליד קען פאָדערן פאר זיך נאָר אזעלכע
רעכט, וואָס ער איז גרייט אנערקענען פאר אלע אנדערע.

ס'זיינען פאראן חברים, וואָס צווייפלען: ווי אזוי קען זיך צוזאמענפּאָרן
אן אמתע פרייהייט מיט א שטארקער דיסציפּלין? און א טייל זאָגן: מען מוז
מקריב זיין די פרייהייט. אנדערע האלטן, אז ס'מוז אָפּגעשוואכט ווערן די
דיסציפּלין.

מיר ווילן נישט פארלייקענען די שוועריקייט פון פּראָבלעם. מיר האלטן
אָבער, אז ס'קען געפונען ווערן א ריכטיקער קאָמפּראָמיס. אָט דער קאָמפּראָ־
מיס — דאָס איז די פּראָלעטארישע דעמאָקראטיע, וואָס הערשט אין אונזערע
פאריינען. און דער קאָנגרעס גופא איז געווען א באווייז, אז דער קאָמפּראָמיס
איז א לעבנס-פעאיקער. ס'האָט דאָרט געהערשט אן אומבאגרענעצטע פריי-

## די בונדישע דעלעגאטן אויפן קאָנגרעס פון די פראָפ. פאריינען אין פוילן, אין אָקטאָבער 1937



צווישן די דעלעגאטן: ערליך, הימעלפארב, „ארטור", וואסער, נאוואגרודסקי, שרה, גוטגעשטאלט א. א.

הייט פון מיינונגען. און גלייכצייטיק האָבן אַלע געפילט, אז דער קאָנגרעס וועט זיכער ברענגען צו א פארשטאַרקונג פון דער דיסציפּלין אין אונזער באוועגונג. א באוואוסטזיניקע פרייהייט און א באוואוסטזיניקע דיסציפּלין — קענען אויסגעצייכנט צוזאמענלעבן.

דעם שענסטן ביישפּיל פון אזא סינטעז צווישן פרייהייט און דיסציפּלין זעען מיר יעדן טאָג אין... דער מעדעם־סאנאטאָריע. אין דעם באשטייט איר גרעסטע פּעדאָגאָגישע דערגרייכונג און אין דעם שטעקט דער סוד פון דער ליבע, מיט וועלכע זי איז ארומגערינגלט. אין אונזער פּראָפ. באוועגונג וועלן מיר, אויך אונזער אייגענעם שטייגער פרואוון נאָכמאכן דעם גוטן ביישפּיל פון אונזערע... קינדער.

דער קאָנגרעס האָט זיך נישט באנוצט מיט די דאָזיקע ווערטער, אָבער דאָס איז געווען דער אמתער זין פון זיינע באשלוסן. בלייבט איצט בלויז א „קלייניקייט". צופּאסן דאָס לעבן צו די באשלוסן.

* * *

צי ס'וועט אזוי געשען?

דאָס איז אָפּהענגיק פון דער אָנפירונג פון דער פּראָפּ. באוועגונג און גלייכצייטיק פון די מיטגלידער גופא.

די אָנפירונג מוז זאָרגן, אז די אָנגענומענע באשלוסן זאָלן דורכגעפירט ווערן אין לעבן. און די מיטגלידער דארפן זאָרגן וועגן... דעם זעלבן.

דריי ביישפּילן: פּראָפעסיאָנעלע וואלן, פרייהייט פון מיינונגען און „פאָלקספראָנט".

דער קאָנגרעס האָט ענדגילטיק אָפּגעוואָרפן דעם פּרינציפּ פון פּראָפּאָר-ציאָנעלע וואלן צו די פּאריינס־אָרגאנען. מוזן סיי דער לאַנד-ראט סיי אַלע פּראָפּ. טוער זאָרגן, אז די פראגע זאָל איננאנצן אראָפּ פון דער טאָג-אָרדע-נונג פון אונזער באוועגונג — ביז א נייעם צוזאמענפאָר.

דער קאָנגרעס האָט פאראורטיילט די קאמפּאניע, וואָס געוויסע חברים פון דער מינדערהייט פירן קעגן פּאריינס־מיטגלידער, וואָס זיינען אמאָל גע-ווען זייערע אָנהענגער און היינט זיינען זיי פון זיי אוועק. דער קאָנגרעס האָט זיך געשטעלט אויף דעם זעלבסטפארשטענדלעכן שטאנדפּונקט, אז יעדער פּאריינס מיטגליד האָט די פולע רעכט צו בייטן זיינע מיינונגען, אויב ער האָט זיך אין זיי אנטוישט. מיר האָפן, אז די חברים פון דער מינדערהייט וועלן זיך לאָיאל צופּאסן צום באשלוס פון קאָנגרעס און וועלן אין דער צוקונפט באציען זיך מיט דער געהעריקער הברישקייט צו אַלע אָן אויסנאם פּאריינס־מיטגלידער. יעדנפאלס — אויף דעם באָדן פון אונזער פּראָפּ. באוועגונג.

דער קאָנגרעס האָט אויך געמאַכט א סוף צו דעם שטרייט אין דער פּראָפּ. באוועגונג ארום דער פראגע פון „פאָלקס פראָנט". מען האָט וועגן דעם פיל גערעדט אויפן קאָנגרעס און פון דער לאַנגער דיסקוסיע איז געוואָרן קלאָר, אז זי איז געווען אין א גרויסער מאָס... איבעריק, ווייל דער קאָנגרעס פון די אידישע פּראָפּ. פּאריינען אין פּוילן האָט נישט גענדארפט און נישט געקאָנט באשליסן, צי מ'דארף פירן א פּאָליטיק פון „פאָלקספראָנט" אין פראנקרייך אָדער אין שוועדן. ס'האָט געקאָנט פאר אים שטיין די פראגע, צי וועט ער מיטמאכן אזא פּאָליטיק אין פּוילן און ספּעציעל אויף דער אידישער גאַס. אין אָבער אזא פראגע אויך נישט געשטאַנען, ווייל אין פּוילן בכלל, און גאָר בא-זונדערס אין דער אידישער געזעלשאַפט, איז די דאָזיקע פּראָבלעם אבסאָלוט נישט אקטועל. די סאָציאַליסטישע באוועגונג, און ספּעציעל דער „בונד" האָבן זיך ארויסגעזאָגט פאר אן אויסגעשפּראָכן סאָציאַליסטישע פּאָליטיק און קעגן מיטאַרבעט מיט בירגערלעכע פּארטייען, איז ממילא די פראגע דערליידיקט. ווייל אָן סאָציאַליסטן איז דאָך א פאָלקס-פראָנט פּאָליטיק אוממעגלעך.

טראָגט טאַקע די דיסקוסיע, וואָס פירט זיך אין די פּראָפּ. פּאריינען א כאראקטער פון... יוצא זיין. פון דורכפירן א פּארטיי-שליחות און נישט פון באטראכטן אן אקטועל פּאָליטיש-פּראָבלעם. דער „פאָלקס-פראָנט" איז געוואָרן גיכער א פראגע פון פּארטיי־פּרעסטיזש, איידער א פּאָליטישע קאָנצעפּציע. האָט דאָך געזאָגט א דעלעגאט, אז אין לעמבערג בעת די באקאנטע געשע-ענישן, האָט מען דאָרט רעאליזירט דעם... פאָלקס-פראָנט! דאָס באווייזט, אז

## בונדישע דעלעגאטן אויפן פערטן קאָנגרעס פון די פראָפ. פאריינען אין 1929



ערשטע רייע פון לינקס, זיצנדיק: מילמאן, זיגעלבוים, וואַסער, שוועבער, ערליך, נאוואגרודזקי, מושקאט און פייגמאן.
צווייטע רייע פון לינקס צו רעכטס: ליפשיץ, ווערניצקי, שאפראן, קלאָג, ס. ליכטנשטיין, גאָלדבערג, אמבאראס, גאָלדוואַסער, מאָרגנטאל, פריץ.

די „פאָלקס-פראָנטלער" גופא האָבן שוין פארלוירן יעדן הויש פארן אמתן אינהאלט פון דעם וואָרט.

דער קאָנגרעס האָט דורך זיין קלאָרן באַשלוס געמאַכט א סוף צו אָט דער דיסקוסיע, און ווידער אמאָל מיר האָפן, אז אויך די פראגע וועט אויפהערן קינסטלעך ארייַנטראָגן א צערודערונג אין אונזערע רייען.

* * *

אויסערסט וויכטיק זיינען אויך די אָרגאניזאציאָנעלע באשלוסן פון דעם קאָנגרעס.

ס'איז געשטעלט געוואָרן א שלאַג-אויפגאבע — דערגרייכן אין דער נאָענטער צוקונפט 100 טויזנט מיטגלידער. ס'איז נישט קיין א בערגעטריבענע צאָל. אויב אלע וועלן זיך נעמען צו דער אַרבעט וועט זי זיכער דערפילט ווערן און א חשק צו דער אַרבעט האָבן אלע דעלעגאַטן זיכער אַרויסגעטראָגן פון דעם קאָנגרעס.

די אנדערע אָרגאַניזאַציאָנעלע באַשלוסן דארפן פארפעסטיקן מאַטעריעל און אָרגאַניזאַציאָנעל די באַזונדערע צענטראַלעס און דעם לאַנד־ראַט. לאַנגע יאָרן האָט געהערשט אין אונזערע רייען א געוויסע גלייכגילטיקייט צו דער נויטווענדיקייט פון א געהעריקער צענטראַליזאַציע פון אונזער פּראָפ. באַוועגונג. פיל פון אונזערע טוער האָבן געהאַלטן, אז די אָרטיקע אָפּטיילונגען דאָס זיינען אַלץ, און די צענטראַלעס — דאָס איז גאָרנישט אָבער יעדנפאַלס זייער ווייניק.

אויפן קאָנגרעס האָט זיך אין דער הינזיכט געפילט א בפירושדיקער איבערברוך. דער ביז-איצטיקער מאַנגל פון צענטראַליזאַציע האָט אָפּגעשוואַכט די קאַמפס-פעאיקייטן פון די צענטראַלעס. און איין דעלעגאַט נאָכן אנדערן האָט דערקלערט: ס'איז צייט מיר זאָלן אויסבויען א פעסטע אָנפירונג, וואָס זאָל אָנפירן מיט דער גאַנצער פּראָפ. באַוועגונג און אויסנוצן אונזערע כוחות אויף דעם בעסטן אופן.

אָבער ווייל מען האָבן א מאָדערנע צענטראַליזירטע אַרמיי מוז מען זי באַזאָרגן מיט אַמוניציע. און אונזער אַמוניציע — דאָס זיינען די פינאַנציעלע מיטלען, וואָס מיר באַקומען פון דער באַוועגונג גופא. ביז איצט האָט די אַמוניציע שטאַרק אויסגעפעלט. לאָמיר האָפן, אז אין דער צוקונפט וועט זיך די לאַגע פארבעסערן.

* * *

דער 6-טער קאָנגרעס איז פאַרענדיקט. ס'הויבן זיך ווידער אָן די גרויע טעג פון טאָג-טעגלעכע אָנשטרענגונגען. פונקט ווי דער קאָנגרעס, וועלן זיי דאַרפן דורכדרינגען ווערן מיט דעם זעלבן גייסט פון ברידערלעכקייט, שלום צווישן די אַרבעטנדיקע אין קאַמף קעגן די אונטערדריקער.

„נייע פאָלקסצייטונג", וואַרשע, 15-טער יאַנואַר, 1937.

# אויף בונדישע טעמעס *)

## 1. דער „בונד״ אין דער אידישער סביבה.

וואָס זיינען מיר? וואוהין גייען מיר? מיר, אלס טייל פון דער פּראָלעטאַרישער באוועגונג פון גאָר דער וועלט, און מיר אלס „בונד״?

אוודאי, מען קען גאַנץ גוט לעבן און נישט פאַרטראַכטן זיך וועגן אַזעלכע זאכן. דאָס לעבן רייסט־מיט, דאָס לעבן לייזט פּראָבלעמען אָן אונז, אויסער אונז. ס'איז גענוג צו וויסן אָדער צו מיינען, אז מען ווייסט וואָס צו טון אין דער נאָענטסטער מינוט. די ווייטערע צוקונפט וועט זיך שוין אַליין באַזאָרגן.

און ס'זיינען פאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס רעכענען, אז זיי באַזיצן שוין דעם גאַנצן אמת. דעם אמת, וואָס איז איינמאָל געגעבן געוואָרן און ענדערט זיך שוין מער נישט. פונקט ווי אמאָל משה רבינו האָט באקומען די תורה פון בארג סיני. זיי פּלאָגן זיך נישט מיט איבעריקע קשיות, ווייל זייער אמת איז אנטגילטיק.

אָבער פאַראַן אנדערע, וואָס פאַר זיי איז די באוועגונג לעבעדיקע שאַפונג, וואָס מוז אומאויפהערלעך האָבן נייע וועגן, נייע געדאַנקען. אַזעלכע, וואָס יעדע מינוט קאָנטראָלירן זיי דאָס, וואָס איז געווען דורך דעם וואָס איז און פּרואוון זיך קלאָר מאַכן דאָס וואָס וועט זיין. אָט פאַר די וויל איך אוועקשטעלן אַ פּאָר פראַגן.

* * *

די אַלגעמיינע פּראָבלעמען פון דער אַרבעטער־באוועגונג האָב איך געפּרואווט באַלייכטן אויף אַ צווייט אָרט. דאָ וויל איך מיך אָפּשטעלן בלויז

*) אויף די באַרירטע פראַגן אין, אויף בונדישע טעמעס, האָט דער מחבר געגעבן זיין אייגענעם ענטפער. די אַרטיקלען האָבן אָנגערעגט צו גאָר אן ערנסטן מיינונגס־אויסטויש.

אויף אונזערע ספּעציעלע „בונדישע“ אַנגעלעגנהייטן. און אַפילו די רעכן איך נישט אויסצושעפּן.

דער „בונד“ האָט, צוזאַמען מיט אַלע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען פון אַלע פעלקער, דורכגעמאַכט א געוויסע עוואָלוציע. ביי זיין אנטשטייאונג האָט ער זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן און פּאַרטיידיקן בלויז איין קלאַס פון דער באַפעלקערונג, — דעם פּראָלעטאַריאַט. דעם באַגריף קלאַסן־פּאַרטיי האָט מען דעמאָלט פאַרשטאַנען אין דעם זין, אז ס'איז אַן אומפאַר־מיידלעכע סתירה צווישן די אינטערעסן פון אַרבעטער־קלאַס און פון אַלע איבעריקע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט. אמבולטסטן איז דער דאָזיקער געדאַנק געקומען צום אויסדרוק אין דעם זאַץ, אז די מאַכט פון אַרבעטער־קלאַס וועט מעגלעך ווערן ערשט דאַן, ווען די אַרבעטער וועלן בילדן די מערהייט באַפעלקערונג.

מיר זיינען היינט ווייט אוועק פון די דאָזיקע פּרימיטיווע באַגריפן. די טעאָריע און פריער פאַר אַלץ די פּראַקטיק פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָבן זיך שוין לאַנג געזעגנט מיטן שטאָלצן געדאַנק פון „פּאָליטישער איזאָלירטקייט“ פון אַרבעטער קלאַס. בלויז א „היינט“־רעדאַקטאָר קאָן היינט נישט תופס זיין, ווי קומט עס, וואָס פאַרן „בונד“ שטימען נישט נאָר אַרבע־טער. אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור גייט שוין דער ויכוח אין אַן אַנדערער פלאַך: ווי אַזוי זאָל זיך אויסדריקן אָרגאַניזאַציאָנעל און פּאָליטיש דער נייער בונד צווישן אַרבעטער־קלאַס און דער אַזוי גערופענער סתם־אָרעמ־קייט. א טייל רעדן וועגן גלייכבאַרעכטיקונג, אַנדערע וועגן העגעמאָניע פון פּראָלעטאַריאַט און נאָך אַנדערע וועגן דיקטאַטור פון אַרבעטער־קלאַס איבער זיינע פאַרבינדעטע. אָבער דאָס איז שוין א פראַגע פאַר זיך.

ווי געזאָגט, איז דער דאָזיקער בונד, די „פאַרברייטערונג פון דער באַזע“ פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אַן אַלגעמיינע דערשיינונג. איר שורש שטעקט אין איצטיקן קריזיס פון קאַפּיטאַליזם, וואָס האָט צוגענומען ביי פאַרשידענע קליינבירגערלעכע, כלומרשט זעלבסטשטענדיקע עלעמענטן די אַמאָליקע פּערספּעקטיוו פון אַרויפקלעטערן אויף א העכערן סאָציאַלן שטאַפּל. פון דער צווייטער זייט, דער וואוקס פון פּאָליטישן איינפלוס פון די אַרבעטער גיט זיי די מעגלעכקייט צו באַפרידיקן צוזאַמען מיט זייערע אייגענע נויטן אויך געוויסע באַדערפעניש פון דער נישט פּראָלעטאַרישער אָרע־מער באַפעלקערונג.

* * *

ווי ווייט איז דער דערמאָנטער פּראָצעס דערגאַנגען ביי דער אידישער

## אויף א בונדישער פאַרטיי־פאַרזאַמלונג

ו. אַלטער רעדט פאַר די פאַרזאַמלטע וועגן זיין אַרבעט אלס לאַווניק אין וואַרשעווער מאַגיסטראַט



אין פּרעזידיום: י. פּאַט, נח; ע. נאַוואָגרודסקי, י. כמורנער

באַפעלקערונג ביי אונז אין פּוילן? די לעצטע וואַלן צו די שטאָט־ראַטן האָבן באַוויזן, אַז אויך דאָ זיינען די אידן קיין אויסנאַם נישט. די אַמאָליקע השפּעה פון די בירגערלעכע פּאַרטייען און פּאָליטיקער אויף דער אידישער אַרעמקייט איז געבראָכן. אין איין אָרט מער, אין אַ צווייטן ווייניקער. דער ביישפּיל פון לובלין באַווייזט, אַז ס'איז נאָך פאַראַן א גאַנץ ברייט פעלד צו באַאַרבעטן, כדי לפּחות אויסגלייכן איבעראַל דעם פּראָצענט לויט לובלין.

די צאָל אידישע אַרבעטער אין פּוילן איז פאַרהעלטניסמעסיק נישט קיין גרויסע. די צאָל אידישע סתם־אָרעמקייט איז זייער גרויס. שטעלט זיך טאַקע פאַר אונזער פּאַרטיי, פאַר דעם אידישן אַרבעטער־קלאַס, די אויפגאַבע: אָרגאַניזירן זיך אַליין און אַרום זיך די אידישע אָרעמקייט. (דער צווייטער טייל פון זאַץ — דאָס איז דאָס נייע, וואָס די לעצטע יאָרן האָבן אונז געבראַכט אויף דעם געביט).

מען קען זאָגן, אַז אייגנטלעך האָט דער „בונד“ שטילערהייט שטענדיק

געשטעלט פאַר זיך די דאָזיקע אויפגאַבע. ס׳איז אין אַ געוויסער מאָס ריכטיק. אָבער איצט שפּילט די דאָזיקע אויפגאַבע אַ באַזונדערע ראָל. מיר געפינען זיך אין דער לאַגע, ווען ס׳קען לייכט מקוים ווערן דער כלל פון דיאַלעקטיק: אַז די קוואַנטיטעט זאָל אַריבערגיין אין קוואַליטעט. יעדער בונדיסט גיט זיך אָפּ אַ דין וחשבון, אַז אונזער פּאַרטיי לעבט איבער דעם מאָמענט, ווען אַ קליינע פאַרהעלטניסמעסיק פאַרשטאַרקונג פון אונזערע כוחות קאָן באַדייטנד פאַרשטאַרקן אונזערע פּאָליטישע מעגלעכקייטן. דאָס ווייסן אויך די קליגסטע פון אונזערע קעגנער, און צוליב דעם טאַקע האָבן זיי לעצטנס אַזוי פאַרשאַרפט זייער קאַמף קעגן „בונד“.

* * *

אָרגאַניזירן באַדייט פאַר אַן אַרבעטער־טוער אַ טאָפּלטע אויפגאַבע: צוציען די סימפּאַטיעס צו דעם, וואָס די פּאַרטיי שטעלט מיט זיך פאָר הײַנט, און אַרײַנציען אין אַקטיווער מיטאַרבעט בײַם אויסבילדן דעם מאָרגנדיקן פּנים פון דער פּאַרטיי.

די דאָזיקע פאָרמולירונג וועט נישט אַלעמען צופרידנשטעלן. ווײַל נישט אַלע פאַרשטייען גלײַך דעם זין פון וואָרט פּאַרטיי. פאַר די קאָמוניסטן, למשל, איז דער פּנים פון זייער פּאַרטיי אַ זאַך, אויף וועלכער די ברייטע מאַסן טאָרן נישט האָבן קיין דירעקטן איינפלוס. די פירער, די קלוגע אויסגעפּרואווטע פירער, באַשטימען אַליין, וואָס די פּאַרטיי דאַרף טון און ווי אַזוי זי דאַרף אויסזען. זיי קענען זיך רעכענען מיט די שטימונגען פון די מאַסן, זיי קענען אָבער אויך אָרגאַניזירן אָט די שטימונג־ען. דאָס איז פאַר זיי, פאַר די פירער, אַ פראַגע פון צוועקמעסיקייט און נישט פון רעכט פון די מאַסן. נישט אומזיסט זאָגן זיי וועגן זייער פּאַרטיי, אַז דאָס איז דער „שטאַב“. לויט דעם מיליטערישן שטייגער. דאַרף די אַרמיי געהאָרכזאַם פאָלגן. די גענעראַלן אַליין באַשטימען און באַשליסן. און ווען די גענעראַלן צעקריגן זיך, טרייסלט זיך דער גאַנצער בנין.

ביי אונז, אין „בונד“, איז עס אַנדערש. דער „בונד“ האָט קיינמאָל נישט געהאַט די אַמביציע צו זיין קליגער, איידער די באַוואוסטזיניקע אידישע אַרבעטערשאַפט. באַלד, נאָך די ערשטע פאָר יאָר פון זיין עקזיסטענץ, איז די מיטגלידער־מאַסע געוואָרן דער דעצידירנדיקער פאַקטאָר אין דער פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז דער „בונד“ האָט נישט איינמאָל געביטן זיין שטעלונג און דוקא וועגן וויכטיקע פראַגן. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די באַליבסטע און אָנגעזעענסטע טוער האָבן אָפטמאָל

געמוזט אָפּהאַלטן זיך אויף אַ צייט פון אַקטיווער פּאָליטישער טעטיקייט, ווי למשל דער אומפּאַרגעסלעכער וו. מעדעם. אָבער דאָס איז געווען און איז גע־בליבן דער גרויסער כוח פון „בונד": זיינע מיטגלידער פילן כסדר, אַז דאָס איז זייער אייגענע פּאַרטיי. אַז אויב דער „בונד" באַגייט אַ טעות, איז דאָס זייער אייגענער טעות. און אויב ער האָט געפונען דעם ריכטיקן וועג, איז דאָס דורך זייער אייגענער אָנשטרענגונג.

אין דעם שטעקט די ריזיקע ווידערשטאַנדס קראַפט פון פּאַרטיי־דעמאָ־קראַטיע. אַזוי האָט דער „בונד" דורכגעהאַלטן די ערנסטע צייטן. און אויך אויף ווייטער מוז ער יעדן אידישן אַרבעטער, וואָס פילט אין זיך דעם רע־וואָלוציאָנערן ענטוזיאַזם, וואָס איז נויטיק צום קאַמף און איז גרייט צו נעמען אויף זיך די פּאַרטיי־פליכטן, — געבן דאָס רעכט און די מעגלעכקייט ג ל יי ך מיט אַנדערע שמידן דעם גורל פון זיין קלאַס דורך זיין פּאַרטיי.

* * *

אוודאי האָט דער „בונד" אין זיין 30־יאָריקן קאַמף געהאַט טעותן. עס איז אַ מענטשלעכע און פאַרשטענדלעכע זאַך. צי מאַכט ער אָבער נישט קיין טעותן היינט?

לאָמיר אין קורצן דערמאָנען די וויכטיקסטע אידעאישע שלאַכטן, וואָס דעם „בונד" איז אויסגעקומען און קומט נאָך אויס צו פירן אין דער אידישער סביבה.

איינע פון די שלאַכטן איז שוין כמעט ווי אויסגעשפּילט: דער קאַמף מיט דער אַסימילאַטאָרישער שיטה. אַמאָל איז דער געדאַנק פון אַקטיווער אַסימילאַציע געווען זייער שטאַרק סיי אין די אידישע בירגערלעכע קרייזן, סיי אין די פּראָלעטאַרישע רייען. היינט איז אַסימילאַציע, אַלס פּאָליטישע פּראָגראַם, פולשטענדיק באַנקראָט. היינט אָנערקענען שוין אַלע ריכטונגען אין דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג, אַז די אידישע פאָלקס־מאַסן קענען זיך נישט אויפהויבן אויף אַ העכערן קולטורעלן מצב אַנדערש ווי דורך דער אַנטוויקלונג פון זייער אייגענער קולטור. אפילו די, וואָס האַלטן זיך פאַר די עקסטרעמסטע אינטערנאַציאָנאַליסטן, וואָס האָבן צענדליקער יאָרן געשטור־רעמט קעגן „נאַציאָנאַליזם" פון „בונד", האָבן סוף כל סוף אונטערגעשריבן די בונדישע פאָדערונגען בנוגע דער אידישער שפּראַך, אידישער שול און אידי־שער קולטור.

אין פּראַקטישן פּראָלעטאַרישן קאַמף איז די פראַגע וועגן אַסימילאַציע דערליידיקט. אַנדערש איז די טעאָרעטישע זייט. אַמאָל האָט זיך דער „בונד"











אין די אידיש-וועלטלעכע פאָלקס-שולן אין פּוילן
אויבן, רעכטס: ש. מענדעלסאָן, סעקרעטאר. לינקס: ח. ש. קאַזשדאַן, פאָרזיצער פון צ. י. ש. אָ.

אָפיציעל געהאַלטן ביי דער טעאָריע פון „נייטראַליטעט" ער האָט נישט גע־האַלטן פאר מעגלעך און נויטיק פעסטצושטעלן פאַרויס אין דער פּאַרטיי־פּראָגראַם דעם ווייטן גורל פון מאָדערנער אידישער קולטור, שפּעטער האָט זיך זיין שטעלונג געביטן. נישט דורך באשלוסן פון צוזאַמענפאָרן, נאָר דורך די פאַקטישע שטימונגען פון זיינע מיטגלידער. מען האַלט, אז מען מוז גלויבן אין דעם געזיכערטן קיום פון דער „אידישיסטישער קולטור". (איך בעט שוין אנטשולדיקונג פאר דער אפשר נישט געלונגענער דעפיניציע. איך בין גרייט נאָכגעבן בנוגע ווערטער, אָבער נישט בנוגע אינהאַלט). איך פּער־זענלעך שטעל מיר אַנדערש פאָר די קולטורעלע אנטוויקלונג פון די ווייטער־דיקע דורות*) אָבער אויב די פּאַרטיי האָט דאָ א טעות, ווירקט ער נישט אויף דער פּראַקטישער אוועקשטעלונג פון דער נאַציאָנאַלער פראגע, וואו מיר זיינען כמעט אַלע איינ‌יק. און דער „בונד" האָט די גוטע טבע, וואָס ער פאָדערט, אז זיינע מיטגלידער זאָלן האנדלען איינהייטלעך, אָבער טראַכטן מעג יעדער פון זיי, ווי ער פארשטייט. אָן דעם דאָזיקן רעכט וואָלט איך נישט געווען קיין מיטגליד פון „בונד". און צוליב דעם טאַקע וועל איך קיינמאָל נישט קענען זיין קיין מיטגליד פון א קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

* * *

אונזער קאַמף מיטן קלעריקאַליזם. איך האָב דעם איינדרוק, אז אין גע־ראנגל פאר דער נשמה פון דער אידישער אָרעמקייט וועלן מיר זיך אַליין אָפטער טרעפן מיט דער „אגודה" פון פארשידענע מינים אַלס מיט אונזערע דירעקטע שונאים. ס'איז דעריבער נויטיק, מיר זאָלן קלאָר מאכן ס'י פאר זיך סיי פאר אנדערע, אין וואָס דער דאָזיקער קאַמף באַשטייט.

מיר דאכט זיך, אז אויף דעם געביט דארף פאר אונז זיין מאַסגעבנד די דערפאַרונג און די שטעלונג פון אַלע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען פון דער גאנ־צער וועלט: רעליגיע איז א פּריוואַטער ענין פון יעדן יחיד. דער „בונד" פירט נישט קיין מלחמה מיט דער רעליגיע בכלל און מיט דעם אידישן „דת" בפרט. ער באַקעמפט די אָרטאָדאָקסן אַלס פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, ווי אויך יעדן פּרואוו פונם קלעריקאַליזם אָנצואווארפן זיינע השגות און זיינע איבערצייי־גונגען אנדערש דענקענדע. אַרויסגייענדיק פון די זעלבע פּרינציפּן, זאָגט זיך דער „בונד" ארויס קעגן יעדן פּרואוו צו שטערן די גלויביקע אָפּהיטן זייערע רעליגיעזע כללים, אויף וויפיל דאָס געהערט טאַקע פאַקטיש צו זייער פּריי־וואטן לעבן.

*) זע „סאָציאַליזם אין קאַמף".

צי איז דאָס די שטעלונג פון „בונד"? אין אַלגעמיינעם יאָ. אָבער עס זיינען געווען אויסנאַמען, וואו בונדיסטן האָבן געהאַלטן פאַר נויטיק צו מאַכן אַלס פּאַרטיי אַנטי־רעליגיעזע מאַניפעסטאַציעס אָדער זיי האָבן געוואָלט, אַז דער „בונד" זאָל אָפיציעל אָננעמען אַן אַנטי־רעליגיעזע שטעלונג. איך האַלט דאָס פאַר אַ פעלער, ווייל איך קען נישט איינזען, פאַרוואָס מאַקדאָנאַלד און לענסבורי אין ענגלאַנד זאָלן יאָ קאָנען זיין גלייכצייטיק סאָציאַליסטן און גלויביקע, און אַ אידישער אַרבעטער און אָרעמאַן זאָל נישט קענען באַווייזן די זעלבע קונץ. און אויב אַ פרומער אידישער אַרבעטער אָדער אָרעמאַן שטייט אויפן סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט בנוגע אַלע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פראַגן, טאָ דאַרף זיך פאַר אים געפינען אַן אָרט אין „בונד".

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס באַדייט גאָרנישט, אַז איינצלנע בונדיסטן, אַלס מענטשן, מעגן באַרעכטיקן זייערע קאָמפּראָמיסן אויפן רעליגיעזן געביט מיט דער דאָזיקער פּאַרטיי־שטעלונג. אויב זיי זיינען פריידענקער אָדער האַלטן זיך פאַר פריידענקער, דאַרפן זיי אין זייער אויסער־פּאַרטייאישן לעבן האַנדלען אויך אַלס אַזעלכע נישט צוליב דעם, וואָס זיי זיינען בונדיסטן, נאָר ווייל זיי זיינען פריידענקער. אויב פריידענקער היטן אָפּ רעליגיעזע מנהגים — פאַרקלענערט דאָס זייער פּערזענלעכן ווערט, אָבער דאָס האָט קיין שום שייכות נישט צו זייערע דירעקטע פּאַרטיי־פליכטן. פון דער צווייטער זייט איז עס אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, אַז דער „בונד" וועט פאַרטיידיקן דאָס רעכט פון יעדן פריידענקער צו האַנדלען אין פולן הסכם מיט זיינע איבערצייגונגען.

און ס'איז אויך זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס אויבן־געזאָגטע דאַרף נישט אויסגעטייטשט ווערן אין זין פון וועלכע ס'נישט איז קאָמפּראָמיסן אין אונזער קאַמף פאַר דער וועלטלעכקייט פון אונזער געזעלשאַפטלעכן לעבן. די רעליגיע קען ווערן אַ פּריוואַטער ענין נאָר דאַן, ווען זי וועט אינגאַנצן באַזייטיקט ווערן פון אַלע עפנטלעכע אַנשטאַלטן. דער קאַמף פאַר וועלטלעכקייט איז אַ דירעקטער פועל־יוצא פון ריכטיק פאַרשטאַנענער און אַלזייטיקער רעליגיעזער טאָלעראַנץ.

* * *

ביי דער געלעגנהייט אַ פּאָר ווערטער וועגן אָנטייל פון „בונד" אין די קהלות און וועגן קאַמף פון דער „פריידענקער־געזעלשאַפט" קעגן דעם דאָזיקן אָנטייל.

אגב, מיט דער דאָזיקער „געזעלשאַפט" איז פאָרגעקומען אַ מאָדנע געשיכטע. זי האָט באַדאַרפט פאַרטיידיקן דעם „פרייען געדאַנק", און אָנשטאָט

## צוזאַמענפאָר פון בונדישע ראַטמענער, פון די שטאָט־ראַטן, מאַגיסטראַטן, קראַנקן־קאַסע און קהלות אין פוילן אין 1928




אין פרעזידיום זיצן פון רעכטס צו לינקס: בעלא שפירא - ניסענ־בוים (לובלין), נח און ה. ערליך, ד״ר ראַפעס (ווילנע) און י. ליכטענשטיין (לאָדזש).

דעם איז זי געוואָרן א פעסטונג פון דאָגמאַטיזם. דאָס וואָס די נייע דאָגמען זיינען „אולטרא־לינקע״ ענדערט נישט גאָרנישט. זיי האָבן פונקט אזוי ווייניק צו טון מיטן „פרייען געדאַנק״, ווי די רעליגיעזע דאָגמעס.

אָבער לאָמיר באַטראַכטן דעם ענין מעריטאָריש. מיט אַ פּאָר יאָר צוריק איז געווען א גאַנץ היפּשע צאָל בונדיסטן קעגן אנטייל אין די קהלות. און אויב היינט ווערט מער נישט ארויסגערוקט די פראַגע פון באָיקאָטירן די קהלות, איז דאָס מסתמא צוליב דעם, ווייל די פראַקטיק האָט באַרעכטיקט די מאָטיוון פון די אָנהענגער פון אזא אָנטייל. די טעטיקייט פון די בונדישע פראַקציעס אין די קהלות האָט זיך ארויסגעוויזן פאַר א גוטן מיטל צו אַנט־פּלעקן דעם אמתן סאָציאַלן כאַראַקטער פון אונזערע אָרטאָדאָקסן און זייערע ציוניסטישע פאַרבינדעטע. אַ שאָד נאָר, וואָס די דאָזיקע דערפאַרונג ווערט נאָך צו ווייניק אויסגענוצט. דער בודזשעט פון יעדער קהלה מוז זיין איינער פון די מעכטיקסטע אַרגומענטן אין קאַמף קעגן קלעריקאַליזם. די עמפּערונג, וואָס נעמט ארום יעדן איינעם ביים לייענען די באַריכטן פון די קהלה־זיצונ־

גען, וואָלט באַדאַרפט זיך אויסגיסן אין אַ ברייטער געזעלשאַפטלעכער אַקציע, וואָס זאָל געפונען אַ צוטריט צו די שיכטן, אויף וועלכע אונזער קלעריקאַליזם האָט נאָך אַ השפּעה.

* * *

און איצט קומט לויטן סדר דער קאַמף פון „בונד" מיט דעם ציוניזם.

דערלויבט מיר אַן אַלגעמיינע באַמערקונג: וועגן דאָזיקן קאַמף איז אַזוי פיל גערעדט געוואָרן און געשריבן געוואָרן, אַז זייער אָפט האָבן די נעבנזאַכן פאַרדעקט דאָס וויכטיקסטע, אַרום וואָס דער קאַמף איז געגאַנגען.

פאַר אַזאַ נעבנזאַך האַלט איך, למשל, די גאַנצע פּראַקטישע אַרבעט אין פּאַלעסטינע. אמת, די אַרבעט האָט געגעבן קליינע רעזולטאַטן און ס'איז נישקשה קיין אויסזיכטן, אַז זיי זאָלן זיך פאַרבעסערן. אָבער ווען אפילו די אויסזיכטן וואָלטן געווען צוויי, דריי מאָל בעסער, צי וואָלט דאָס אויף אַ האָר געענדערט די גרונט-פראַגן פון אונזער פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן דאָ ביי אונז?

אין פּאַלעסטינע איז דאָ סך-הכּל איבער 120 טויזנט אידן. אָבער אָט אויף אַ קליינעם שטח ערד, אין ניו-יאָרק, האָבן זיך פאַרזאַמלט, און דווקא דורך עמיגראַציע, אַ גאַנצער מיליאָן אידן. איז וואָס דערפון געדרונגען?

אין פּאַלעסטינע זיינען באַשעפטיקט ביי לאַנד-אַרבעט בלויז 10—15 טויזנט אידן. אָבער אין אַרגענטינע אַרבעטן ביי ערד איבער 20 טויזנט, אין די אַמעריקאַנער פאַראייניקטע שטאַטן, זאָגט מען, איבער 60 טויזנט און אין רוסלאַנד זאָל זייער צאָל איבערשטייגן 100 טויזנט. איז וואָס דערפון געדרונגען פאַר אונז דאָ?

אָדער לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז דורך אַ צופאַל אָדער אַ נס באַקומט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אַ מיליאַרד דאָלאַר און זי באַזעצט נאָך דריי הונדערט טויזנט אידן אַלס קעסט-קינדער אין פּאַלעסטינע. צי וועט דאָס אפילו דאַן לייזן די אָנגעווייטיקטע פראַגן פון די אידישע פאָלקס-מאַסן דאָ ביי אונז?

וואָס מער איך טראַכט וועגן דער 30-יעריקער געשיכטע פון דעם דאָזיקן קאַמף, אַלץ מער קום איך צו דער איבערצייגונג, אַז די פּאַלעסטינישע קאָנקרעטע אַרבעט האָט געשפּילט גאָר אַ קליינע ראָלע אין דעם קאַמף.

און אויב אַזוי, — איז אַרום וואָס האָט זיך געפירט די הויפּט-שלאַכט? נישט אַרום די מעגלעכקייטן און פּערספּעק-

טיוון פון פאלעסטינע, נאר ארום די מעג־לעכקייטן און פערספעקטיוון דא אין לאנד, וואו מיר לעבן און ארבעטן.

„בונד" — דאס איז דער גלויבן, אז דורך דעם קלאסן־קאמף אין „גלות" קענען און וועלן פארענטפערט ווערן די נויטן פון די אידישע פאלקס מאסן. „בונד" — דאס איז שטענדיק געווען דער שאפנדיקער פאלי־טישער אפטימיזם פון אידישן לעבן.

ציוניזם — דאס איז די האפנונגסלאזיקייט, דער אומגלויבן אין איי־גענע כוחות, דאס אנטלויפן פון שווערן קאמף. ציוניזם — דאס איז דער פרוכטלאזער פאליטישער יאוש פון אידישן לעבן.

דעריבער האט טאקע דער ריינער ציוניזם געלייקנט די גאנצע גלות־ארבעט די שפראך און קולטור אין די גלות־לענדער. דאס איז געווען לאגיש און קאנסעקווענט. און ווי נאר דער ציוניזם איז אראפ פון דעם שטאנדפונקט — האט ער אנגעהויבן קאפיטולירן פארן „בונד".

און מיר דאכט זיך, אז היינט צו טאג איז שוין די קאפיטולאציע א פולשטענדיקע. די אידישע באפעלקערונג פון פוילן איז אזוי טיף איינגע־צויגן אין אקטיוון פאליטישן לעבן פון לאנד, אז פאלעסטינע שפילט פאק־טיש די קלענסטע ראלע אפילו אין דער טעטיקייט פון די ציוניסטן גופא. אלערליי וואלן, צום סיים, צו די שטאט ראטן, צו די קהלות, פראגן פון שטייערן אוןווירטשאפטס־פאליטיק, אידישער טעאטער און שבת־רו, „אוגא־דעס" און בענקלעך — דאס אלץ פארנעמט היינט 90 פראצענט אויפמערק־זאמקייט פון די ציוניסטן. צו דעם אלעמען איז פאראן נאך אויך פאלעסטינע, אבער מיט יעדן טאג ווערט זי עפעס ווייטער און פרעמדער פאר די ציוניס־טישע מאסן.

* * *

אין קאמף פאר אן אלגעמיינער ריכטליניע פאר דעם פאליטישן לעבן פון דער אידישער באפעלקערונג — האט דער „בונד" אפגעהאלטן איבערן ציוניזם א גלענצנדן נצחון. ער האט געצוואונגען זיינע קעגנער צו שטעלן זיך מיטביידע פיס אויף דעם שטאנדפונקט, אז דער קאמף דא אין די גלות־לענ־דער, דאס איז דאס רעאלע פאליטישע לעבן.

זעלבסטפארשטענדלעך, דאס הייסט נישט, אז אלע זיינען געווארן בונדיסטן. דוקא די בונדישע אוועקשטעלונג פון דער פראגע האט מיטגע־

האָלפֿן דעם פּאָליטישן פאנאנדערטיילן זיך פון דער אידישער געזעלשאפט לויט אירע קלאסן־אינטערעסן. און די ציוניסטן, וואס האָבן אמאָל געהאט די אמביציע ארומצונעמען דעם כלל־ישראל, האָבן אויף א גאנץ נאטירלעכן אופן זיך פארוואנדלט אין דער פאָרשטייערשאפט פון זאטן און צופרידענעם אידישן בירגערטום. און דער קאמף צווישן „בונד" און ציוניזם האָט זיך טאקע לעצטנס געפירט לויט דעם נאָרמאלן מוסטער פון קלאסן־קאמף: רייכע קעגן אָרעמע, אונטערנעמער קעגן ארבעטער; אויף דער אידישער גאס האָט דאָס געהייסן ציוניזם קעגן „בונד". די קאלטע גרויע טאָג־טעגלעכע קלאסן־אינטערעסן פון דער אידישער גלות־בורזשואזיע האָבן באשטימט דעם אמתן אינהאלט פון דער ציוניסטישער פּאָליטיק. „ציון" איז געבליבן בלויז צום פוץ.

צוליב די לעצטע אנטוויקלונגען אין דער פראקטישער פאלעסטינע־ארבעט איז פאראן א „סכנה", אז אפילו דער דאָזיקער פוץ וועט ווערן איבעריק. שוין איצטער באמיען זיך די ציוניסטן צו באהאלטן „ציון" אויף דעם לעצטן פּלאן, ווי נאָר עס קומט צו וועלכער נישט איז פּאָליטישער אקציע. די לעצטע וואלן צו די שטאָט־ראטן האָבן באוויזן, אז אפילו אין די בירגערלעכע קרייזן קען מען זיך שוין גוט באגיין אָן דער ציוניסטישער פירמע.

פון דעם אלעמען וואָלט זיך געדאכט, אז דער „בונד" איז ארויס פון קאמף מיטן ציוניזם אָן שום פארלוסטן. דאָס וואָלט אָבער נישט געווען אינ־גאנצן ריכטיק. איין דערפאָלג האָבן די ציוניסטן יאָ געהאט. און דוקא איבערן „בונד". און דער דערפאָלג באשטייט טאקע אין דעם, וואָס די בונדיסטן האָבן איבערגענומען ביי די ציוניסטן דעם געדאנק, אז די באציאונג צו פּא־לעסטינע (נישט צום ציוניזם) איז אויסערסט וויכטיק פאר אונזער פּאָליטיש לעבן דאָ. פיל בונדיסטן האלטן פאר פולשטענדיק ריכטיק, אז אין אונזערע פּאָליטישע קאמפן ד אָ א י ן פ ו י ל ן זאָלן זיך אויסבילדן די קעמ־פנדע לאגערן לויט די אָנהענגער אָדער קעגנער פון... פ א ל ע ס ט י נ ע!

איך האלט די דאָזיקע שטעלונג פאר פולשטענדיק פאלש און שעדלעך. איך וואָלט געוואָלט, אז דער „בונד" זאָל קאָנען זאָגן יעדן אידישן ארבעטנ־דיקן מענטשן: „מיר, בונדיסטן, האלטן זיך פאר גלייכע בירגער מיט אלע אנדערע און מיר פירן דאָ, אין פוילן, דעם קאמף פאר דער באפרייאונג פון אלע אונטערדריקטע. מיר רוקן ארויס די און די פּאָדערונגען, און ארום אונזער פּראָגראם ווילן מיר קאָנצענטרירן די ג א נ צ ע ענערגיע פון די אידישע פּאָלקס־מאסן פון אונזער לאנד. אויב דו ביזט מסכים מיט אונזערע פּאָדע־רונגען, אויב דו ווילסט זיך באטייליקן אין אונזער קאמף, טאָ גיי מיט אונז.

אפילו ווען דו גלויבסט אין דער תורה, אפילו ווען דו ביסט אן אנהענגער פון פאלעסטינע!"

שטעלט אייך פאר אויף א מינוט, אז אין פוילן איז שוין אנטשטאנען איין גרויסע לאנד־פארטיי, וואס נעמט ארום אלע ארבעטער פון אלע נאציאנאליטעטן. אזא פארטיי וואלט זיכער געווען אנטי־ציוניסטיש (קעגן לאזונג: „זשידזשי דא פאלעסטיני"), ווייל זי וואלט דאך געמוזט זיך שטעלן אויפן שטאנדפונקט פון פולער גלייכבארעכטיקונג פון אלע אירע מיטגלידער, ד. ה. פון די אידישע אויך. צי וואלט אבער אזא פארטיי געקאנט אנדערש רעדן, ווי דאס אויבן פארגעשלאגענע? פאר אזא פארטיי וואלט די פראקטישע ארבעט אין פאלעסטינע געווען בלויז א נעבנזאך, אן שום ווירקונג אויף איר טעטיקייט. אזוי ווי דאס וואלט געדארפט זיין היינט פארן „בונד".

* * *

לאמיר שוין אדורכגייענדיק פארטשעפען אויך די קרימער קאלאניזאציע. ס'איז זיכער א וויכטיקער אויפטו. און ער פארדינט יעטווידע סימפאטיע. און מיר אלע האפן, אז ער וועט געבן גוטע רעזולטאטן. אבער.. עס איז פארט א נעבנזאך פאר אונזער פאליטישן לעבן און קאמף דא אין פוילן. דאס ליגט נישט אויף דער דירעקטער ליניע פון אונזער טעטיקייט אלס פארטיי און פון דער פאליטישער אקטיוויטעט פון די אידישע פאלקס־מאסן אין אונזער לאנד. און דעריבער טאקע האט דער „בונד" נישט געהאלטן פאר נויטיק צו פארנעמען אן אפיציעלע שטעלונג צו די מעגלעכקייטן און פערספעקטיוון פון דער קרימער קאלאניזאציע. און ער האט ריכטיק געהאנדלט.

אמת, ס'זיינען געווען עטלעכע בונדיסטן, וועלכע ס'האט זיך געדאכט, אז מען קען מאכן פון קרים א מין בונדישן „ציון". אבער אפילו זיי האבן זיך גיך אויסגעניכטערט.

די זעלבע קאלטבלוטיקע, זאכלעכע באציאונג וואלטן בונדיסטן געדארפט אויך האבן בנוגע דער ארבעט אין פאלעסטינע. דארט זיינען די באדינגונגען פיל ערגער? די אויסזיכטן אויף דערפאלג נישטיקע? איז אוודאי נישטא וואס זיך היצן.

* * *

מען וואלט געקאנט דאס אלץ, וואס איך האב פריער געזאגט, פארמולירן אויף אזא אופן:

מיר בונדיסטן זאגן אויף געוויסע זאכן „יא", און אויף אנדערע „ניין". דאכט זיך מיר, אז דער „יא" איז הונדערט מאל וויכטיקער פארן „ניין".

וואָלט איך געוואָלט, אַז אַלע „יאָ"־זאָגער זאָלן זיך געפינען אַרום „בונד". אַ פּאָליטישע פּראָגראַם איז אַזוי ווי אַ וויסנשאַפטלעכע טעאָריע. איר ווערט ווערט געמאָסטן נישט דורך דעם, וואָס זי לייקנט, נאָר פריער פאַר אַלץ דורך דעם, וואָס זי פּראָקלאַמירט פּאָזיטיוו.

איך ווייס, אַז דאָ שטויסט מען זיך אָן אויף אַ פּסיכאָלאָגישע שוועריקייט. מענטשן זיינען געוואוינט נישט נאָר האַנדלען צוזאַמען (דעם „יאָ" דורכפירן אין לעבן), נאָר אויך טראַכטן צוזאַמען (די באַציאונג צום „ניין"). און ס'זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס האָבן בכלל נישט ליב טראַכטן און ווילן דעריבער, אַז זייער פּאַרטיי זאָל זיי געבן אַ פאַרטיקן ענטפער אויף אַלערליי מעגלעכע פראַגן, אפילו אַזעלכע, וואָס האָבן נישט קיין שום שייכות צו דער פּאַרטיי, אַלס קאַמף־אָרגאַניזאַציע. און ס'זיינען פאַראַן אויך מענטשן, וואָס קאָנען נישט פאַרטראָגן, אַז אַנדערע זעען אַנדערש ווי זיי, אַז אַנדערע וואַגן צו דענקען אַנדערש ווי זיי. צו אַזעלכע מענטשן האָט געהערט, למשל, לענין, וועלכער האָט באַקעמפט אויף דעם שאַרפסטן אופן זיינע נאָענטסטע חברים, אויב זיי האָבן וועגן וועלכער נישט איז פראַגע געהאַט אַן אַנדער מיינונג. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ בוך פול מיט פערזענלעכע אָנגריפן קעגן לונאַטשאַרסקין, באָגדאַנאָוון און אַנדערע, בלויז צוליב דעם, וואָס יענע האָבן געהאַלטן אין ריין פילאָזאָפישע פראַגן פון אוועַנאַריוסן, דעם גרינדער פון עמפּיריאָקריטיציזם, — בעת לענין איז געווען אַן אָנהענגער פון אָרטאָדאָקסאַלן פילאָזאָפישן מאַטעריאַליזם.

דער גרויסער לענין איז געווען בלויז איינער. אָבער קליינע לענינס איז דאָ אַ סך אפילו אין דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג. און זיי וועלן מסתמא אָנשטרענגען אַלע זייערע כוחות כדי איינפירן אַ צענזור איבער די געדאַנקען פון די אידישע אַרבעטער. איך בין אָבער זיכער, אַז דאָס וועט זיך זיי נישט איינגעבן.

פאַרקערט, אויף דעם געביט וועט אונזער באַוועגונג מוזן מאַכן נאָך אַ שריט פאָרויס, כדי זיך אויסצוגלייכן מיט מערב־אייראָפּע.

* * *

און אַז מיר רעדן וועגן די אידייאישע קאַמפן פון „בונד" אויף דער אידישער גאַס, טאָ לאָמיר זיך אויך אָפּשטעלן אויף זיינע קאַמפן אין דער פּראָלעטאַרישער סביבה, אויף די אַזוי גערופענע צווישן־פּאַרטייאישע קאַמפן אין דער סאָציאַליסטישער אידישער וועלט.

פריער פאר אלץ: צי זיינען די דאָזיקע קאמפן א נויטיקע, אַן אומפאַר־מיידלעכע דערשיינונג?

מיט דער גאַנצער אנטשלאָסנקייט: ניין, ניין, ניין.

און דוקא איצטער, ווען די דאָזיקע קאמפן האָבן זיך אזוי פאַרשאַרפט, דאַרף מען מיט דער גרעסטער ענערגיע אונטערשטרייכן: דער אידישער אַרבעטער־קלאס קאָן זיך נישט דערלויבן דעם לוקסוס פון האָבן מער ווי איין פּאָליטישע פאַרטיי.

אוודאי דאַרף מען זיך רעכענען מיט געשעענע פאקטן. אָבער ווייט נישט שטענדיק דאַרף מען מיט זיי שלום מאַכן. און אויב ס'זיינען פאַראַן בונ־דיסטן וועלכע האָבן זיך שוין צוגעוואוינט צו דער עקזיסטענץ פון אנדערע סאָציאַליסטישע פאַרטייען, ווי קליין יענע זאָלן נישט זיין, טויג עס נישט.

דער געדאַנק פון פּאָליטישער איינהייט פון דער ארבעטער באַוועגונג איז אַ דירעקטער פועל־יוצא פון דער גאנצער וועלט־אָנשויאונג פון „בונד". ער מוז פארנעמען א צענטראלן אָרט אין די באציאונגען פון „בונד" צו אַנדע־רע פּראָלעטאַרישע פאַרטייען. און ער מוז אויך פאַרנעמען דעם צענטראַלן אָרט אין באוואוסטזיין פון יעדן אידישן ארבעטער אָדער ארבעטס־מענטש. אין באצוג צו יעדער פאַרטיי דאַרף ער זיך שטעלן פריער פאר אלץ די פראגע: פארוואָס עקזיסטירט זי באזונדער און צי איז די דאָזיקע עקזיסטענץ באַ־רעכטיקט?

דאָס אלץ איז שוין מער ווי אַ פּרינציפּ. דאָס איז אַ דויערהאַפטע און שטענדיקע קאמפּאַניע, וועלכע דער „בונד" דאַרף פירן.

סקעפּטיקער וועלן זאָגן: און וואָס פארא פעולה וועט דאָס האָבן? צי רעכנט איר, אז ס'וועט זיך אייך איינגעבן איינצורעדן אנדערע פאַרטייען, אז זיי זאָלן זיך ליקווידירן?

מיינע האָפנונגען גייען נישט אזוי ווייט. איך ווייס וואָס פארא ראָלע עס שפּילן אין די קלענערע פאַרטייען און גרופּעס „פּרעסטיזש"־פראַגן און סתם קליינלעכקייט פון מענטש. אָבער ווען עס וואָלט זיך איינגעגעבן איינצו־וואָרצלען אין באוואוסטזיין פון די ברייטע פאָלקס־מאסן דעם געפיל פון פּאָליטישער פאראנטוואָרטלעכקייט וואָס טראָגט יעדער וועלכער צעשפּליטערט די ארבעטער־רייען, — וואָלט שוין געווען פיל אויפגעטון.

און ווען די אידישע ארבעטער וואָלטן פארשטאנען, אז דער בעסטער וועג צו פאקטישער אייניקייט, דאָס איז פארשטארקן דעם „בונד" — וואָלט איך שוין מער פון דער קאמפּאניע נישט פארלאנגט.

* * *

אז די ארבעטער באוועגונג פון דער גאנצער וועלט וועט קומען צו דער איינהייט פון איר פּאָליטישער אָרגאניזאציע — דאָס איז מיין טיפע איבער־צייגונג. ווי אזוי וועט צו דעם קומען — ווען דעם קען מען דערוויילע מאכן בלויז השערות. מסתמא וועט דאָס אין פארשידענע לענדער פאָרקומען פאר־שידנארטיק. אין א טייל דורך פאראייניקונג, אין א טייל דורך פּאָמעלעכן אָפּ־שטארבן פון די „איבעריקע" פארטייען.

פארן „בונד" איז די פראגע פון איינהייט פון דער באוועגונג ווייט נישט קיין ספּעציעל אידישע פראגע. אָבער אין די ראמען פון דעם ארטיקל מוזן מיר זיך האלטן אויסשליסלעך ביי דער אידישער סביבה. לאָמיר בלויז באַ־מערקן, אז אויב ס'זאָל קומען צו דער איינהייט פון דער פּאָליטישער באוועגונג אויף דער פוילישער ארבעטער־גאס, וואָלט די פראגע ביי די אידישע ארבעטער געווען אויטאָמאטיש געלייזט.

דערפון איז געדרונגען, אז די פראגע פון איינהייט פון דער א י ד י־ש ע ר ארבעטער־באוועגונג קען א שיינעם פרימאָרגן פארלירן איר גאנצע אקטואליטעט. נאָך איין ביישפּיל, ווי אזוי אונזער באוועגונג איז פ א ק ט י ש אָפּהענגיק פון דער אויסערלעכער וועלט, און צוליב דעם טאַקע זיינען פאראן בונדיסטן, וואָס האלטן שוין היינט, אז דער שווערפּונקט פון דער פראגע ליגט נישט אין די צווישנבאַציאונגען פון די אידישע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַ־ציעס, נאָר אין די באַציאונגען פון „בונד" צו די פוילישע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס.

דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט אנטהאלט אין זיך אַן אמת, אָבער נישט דעם גאנצן אמת. ווייל די שוועריקייטן פון דער איינהייט פון דער פוילישער און אידישער אַרבעטער־באוועגונג זיינען היינט צו טאָג נישט קלענער, ווי ביי דער ריין אידישער איינהייט.

לאָמיר טאַקע איבערגיין מעריטאָריש צו דער לעצטער.

די באַדייטנדסטע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פון אידישע אַרבעטער נאָכן „בונד", זיינען די קאָמוניסטן, די אידישע סעקציע פון דער פוילישער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי.

די פּאָליטיק פון די אידישע קאָמוניסטן (פּונקט ווי פון די פּוילישע) איז געווען אין פאַרלויף פון די לעצטע יאָרן פול מיט פאַרשידנאַרטיקע אינערלעכע סתירות. לאָמיר איבערלאָזן אָן א זייט די אַלע פעלערס פון דער דאָזיקער פּאָליטיק, בנוגע וועלכע די קאָמוניסטן האָבן אַליין געהאט חרטה (צ. ב. באָיקאָט פון די וואַלן צו די זעלבסט־פּאַרוואַלטונגען, פּראָקלאַמירן אַלגעמיינע שטרייקן „ביזן סוף", אונטערשטיצן די „רעוואָלוציאָנערע" אַרמיי פון פּילסודסקי א. ד. גל.). לאָמיר פארגעסן וועגן זייערע שרייענדיקע און געשמאַקלאָזע אַרויסטרעטונגען קעגן אַלץ, וואָס טוען אָדער האָבן געטון אַנדערע, און לאָמיר זיך צוקוקן צו זייער „יאָ"־טעטיקייט, צו די פאָדערונגען, וואָס זיי רוקן אַרויס און צו דעם פּאָזיטיוון קאַמף פאַר די דאָזיקע פאָדערונגען. און לאָמיר פאַרגלייכן די דאָזיקע „יאָ"־טעטיקייט פון די א י ד י ש ע קאָמוניסטן מיט דער „יאָ"־טעטיקייט פון „בונד" (איך שטרייך אונטער צו א י די ש ע קאָמוניסטן, ווייל די פּוילישע האָבן אַנדערע אַרבעטסמעגלעכקייטן, ווי דער „בונד").

דער פאַרגלייך מוז יעדן אָביעקטיוון מענטשן ברענגען צו דער איבערצייגונג, אז אויף אַלע געביטן (פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, קראַנקן־קאַסעס, שטאָט־ראַטן, קאַמף מיט דער אידישער בורזשואַזיע און אַנדערע) איז די טעטיקייט פון „בונד" פיל פאַרביקער, שטאַרקער און דערפאָלגרייכער, איידער די טעטיקייט פון די אידישע קאָמוניסטן און צו דעם אַלעמען איז זי אויך מער רעוואָלוציאָנער.

מען וועט פרעגן, און מיט רעכט, ווי אזוי מעסט מען דאָס, וואָסערע טעטיקייט איז מער רעוואָלוציאָנער. דער אַלטער בעבעל פלעגט זאָגן, אַז דאָס קען אַמבעסטן אויסמעסטן דער קעגנער, די בורזשואַזיע. קוקט אייך צו, מיט וואָס פאַר א פאַרהעלטניסמעסיקער סימפּאַטיע עס באַציט זיך די אידישע בורזשואַזיע צו די אידישע קאָמוניסטן אין פאַרגלייך מיט איר באַציאונג צו די פאַרהאַסטע בונדיסטן. דאָס אַליין באַווייזט שוין, אַז די בונדישע אַרבעט טרעפט מער אין פּינטל, איידער די קאָמוניסטישע.

דאָס פילן אין אַ געוויסער מאָס די אידישע קאָמוניסטן גופא, און צוליב דעם בילדן זיי אין דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי דעם עקסטלינקן פליגל. ווייל אַנדערש וואו וואָלטן זיי גענומען די אינערלעכע איבערצייגונג אויף אַרויסטרעטן קעגן „בונד"?

נאָר איין זאַך גיט צו מוט די אידישע קאָמוניסטן: זייער פאַרבינדונג מיט די קאָמוניסטן פון גאָר דער וועלט. אַלץ, וואָס קאָמוניסטן טוען אין רוסלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד — דאָס האָבן „מיר" אָפּגעטון!

איך וויל גאָרנישט באַשטרייטן, אַז דאָס איז אַ וויכטיקע זאַך. דאָ טרעפן די קאָמוניסטן אין קראַנקן פּונקט פון „בונד". אָבער די פראַגע געהערט שוין נישט צום איצטיקן אַרטיקל.

צי קאָן זיין אַן איינהייטלעכע אָרגאַניזאַציע פון בונדיסטן און אידישע קאָמוניסטן?

דער „בונד", ווייל ער איז נ י ש ט קיין קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע, קאָן ענטפערן אויף דעם פּאָזיטיוו. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אויף דער באַזע פון פולער גלייכבאַרעכטיקונג פון די מיטגלידער און פון אויפריכטיקער פּאַרטיי־דעמאָקראַטיע.

די אידישע קאָמוניסטן, ווייל זיי זיינען קאָמוניסטן, ענטפערן נעגאַטיוו. זיי האַלטן נישט פון איינהייט פון אַרבעטער־קלאַס, אויב דאָס זאָל נישט זיין קיין קאָמוניסטישע איינהייט.

דאָס איז אייגנטלעך, נישט קיין אידישע פראַגע. זי וועט ווערן געלייזט פאַר די אידישע אַרבעטער ערשט דאַן, ווען די קאָמוניסטן בכלל, און הויפּט־זעכלעך די רוסישע קאָמוניסטן, וועלן זיך אויסלערנען, אַז די צוקונפט פון דער אַרבעטער באַוועגונג איז אָפּהענגיק פון דער ליקווידאַציע פון דער עקזיס־טירנדיקער שפּאַלטונג.

איר זאָגט, אַז דאָס וועט נאָך לאַנג דויערן? פאַרפאַלן. ס'בלייבט אונז בלויז טון אַלץ, וואָס איז פון אונז אָפּהענגיק, כדי דערנענטערן דעם דאָזיקן מאָמענט. און דער בעסטער מיטל דערצו איז וואָס אָפטער, אומאויפהערלעך שטעלן פאַר די קאָמוניסטן און זייערע אָנהענגער די פראַגע וועגן דער איינ־הייט פון דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטער־קלאַס.

* * *

און ענדלעך קומען מיר צו די פּועלי־ציון.

וויפיל מאָל ס'קומט מיר אויס צו רעדן אָדער צו שרייבן וועגן די פּועלי־ציון, בין איך אין אַ פאַרלעגנהייט. נישט צוליב דעם, וואָס זייערע פּרינציפּן געפעלן מיר נישט און נישט צוליב דעם, וואָס זייער האַנדלונג שטויסט אָפּ פון זיי יעדן אויפריכטיקן מענטשן. נאָר ווייל איך קען נישט באַגרייפן, צוליב וואָס עקזיסטירן זיי אַלס פּאָליטישע פּאַרטיי.

און צו זיינען זיי בכלל אַ פּאָליטישע פּאַרטיי? צי האָבן זיי וועלכע נישט איז אויסזיכטן צו קאָנען באַיינפלוסן דעם גאַנג פון די פּאָליטישע געשעענישן אין פּוילן? צי שטעלן זיי מיט זיך פאָר אַן אייגנאַרטיקע אָריענטאַציע אין פּאָליטישן לעבן פון אַרבעטער־קלאַס אין פּוילן?

איך האָב די איבערצייגונג, אַז נישט. נאָך די פּאָר צענדליק יאָרן פון זייער עקזיסטענץ זיינען זיי פאַרבליבן אַזאַ נישטיקער כּוח, אַז אויף דער אַ־ געמיינער אַרבעטער אָרענע רעכנט מען זיך בכלל נישט מיט זיי און אויף דער אידישער אַרבעטער־גאַס ווערן זיי צעריבן אין קאַמף צווישן „בונד" און די קאָמוניסטן.

אביסל לאָגיק האָב איך געפונען ביי די רעכטע פּועלי־ציון. זיי ווילן רעפּ־ רעזענטירן דעם אַרבעטער אין ציוניזם. די הויפּט־אַרבעט פאַר זיי איז פּאַ־ לעסטינע. אפילו אין „גלות" לייגן זיי אויך די גרעסטע ענערגיע אויף דעם „החלוץ". זייער פּיין. אָבער וואָס האָט דאָס צו טון מיטן פּאָליטישן קאַמף פון די אידישע אַרבעטער אין פּוילן? און צי באַרעכטיקט דאָס, אַז סאָציאַ־ ליסטן זאָלן לייגן שטיינער אויפן וועג פון די אידישע אַרבעטער, וועלכע שטייען אין זייער גרויסער מערהייט אונטער דער פאָן פון „בונד"?

אין דער פּראַקטיק פון די „לינקע" פּועלי־ציון פאַרנעמט אפילו פּאַלעס־ טינע נישט דעם ערשטן אָרט. ביי זיי שפּילט די הויפּט ראָלע — די שנאה צום „בונד". זייער טאַקטיק זעט אויס אַזוי, ווי ביי יעדער פראַגע וואָלטן זיי זיך געפרעגט קודם כל, ווי אַזוי קאָן מען וואָס מער שאָדן ברענגען דעם „בונד".

און מערקט אייך: כמעט אין אַלע פּאָליטישע פראַגן מאַכן זיי גענוי נאָך דאָס, וואָס עס מאַכט דער „בונד". די פּוילישע סאָציאַליסטן וויצלען זיך, אַז דער „בונד" טראָגט שטענדיק מיט זיך זיין אייגענע עכאָ — די פּועלי־ציון. זיי ווילן אַלץ מאַכן אַזוי ווי דער „בונד", און מאַכן דאָס אויף אַזוי פיל ערגער, אויף וויפל זיי זיינען שוואַכער פאַרן „בונד".

צוליב דעם טאַקע ק אָ נ ע ן זיי נישט פּאָליטיש באַקעמפן דעם „בונד" מיט זאַכלעכע אַרגומענטן. מיט פּאַלעסטינע אַליין וואָלטן זיי דאָך ווייט נישט פאַרפאָרן, זיינען זיי געצוואונגען זיך באַנוצן מיט די אומדער־ הערטע מעטאָדן פון רכילות און ליגן, אין וועלכע זיי האָבן זיך ספּעציאַליזירט בעת די לעצטע וואַל־קאַמפּאַניעס.

איך ווייס נישט, צי די לינקע פּועלי־ציון פילן די אומגעהויערע נישטי־ קייט פון זייערע פּאָליטישע דערגרייכונגען. אין איין פאַל בלויז קאָנען זיי האָבן אַ געפיל פון סאַטיספאַקציע: אויב זיי מעסטן זייערע דערפאָלגן נישט מיט דעם נוצן, וואָס זיי ברענגען וועמען נישט איז, נאָר מיט דעם שאָדן, וואָס זיי ברענגען דעם „בונד".

דער אומגליק באַשטייט אָבער אין דעם, וואָס וועלנדיק ברענגען שאָדן דעם „בונד", שוואַכן זיי אָפּ דעם פּאָליטישן איינפלוס פון גאַנצן אידישן אַר־

בעטער־קלאַס. אין דעם טאָג, ווען די פועלי־ציון וועלן דאָס באַגרייפן, פאַרליךן זיי די טרייבקראפט פון זייער גאַנצער טעטיקייט.

און נאָך איין זאך. דער שאָדן, וואָס די פועלי־ציון קענען ברענגען דעם „בונד", שטאמט כמעט אויסשליסלעך דערפון, וואָס צוליב די אייגנאַרטיקע פוילישע באַדינגונגען איז דער „בונד" נישט אומשטאַנד נאָך צו רעאַליזירן זיין גרונט־געדאַנק: דער פּאָליטישער קאַמף ווערט געפירט דורך איין סאָציאַליסטישע לאַנד פאַרטיי, וואו די אידישע אַרבעטער זאָלן האָבן זייער אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע. ווען דאָס וואָלט געווען אפילו אין דער מאָס, ווי אין פאַרמלחמהדיקן רוסלאַנד, וואָלטן די פּאָר טויזנט פועלי־ציוניסטן נישט געשפילט די קלענסטע ראָלע, דערווייל איז אָבער אַנדערש. די שוועריקייט פון דער פּאָליטישער לאַגע פון אידישע ארבעטער אין פוילן שאפט א שיין פון דערפאָלג פאַר די פועלי־ציון.

צי קאָן ביי די באַדינגונגען זיין אַ רייד וועגן איינהייט צווישן „בונד" און פועלי־ציוניסטן, רעכטע אָדער לינקע? איך מוז אָנערקענען, אַז די פירער פון די פועלי־ציון האָבן געטון אַלץ, כדי פאַרטרייבן דעם געדאַנק פון אַזאַ מעגלעכקייט, — אָבער נישט די פירער זיינען דאָס וויכטיקסטע. מיר מוזן אָננעמען אַלע געהעריקע מיטלען, כדי איבערצייגן די פועלי־ציוניסטישע מאסע, אַז אין אירע אינטערעסן, אין די אינטערעסן פון דער גאַנצער אידישער ארבעטער־באוועגונג ליגט, אז ס'זאָל א סוף נעמען צו די קליינטשיקע פּאַרטייעלעך. אונזער באוועגונג קאָן זיך נישט דערלויבן דעם לוקסוס צו לאָזן אין א זייט אפילו די פּאָר טויזנט מענטשן, וואָס גייען היינט נאָך די פועלי־ציון.

* * *

די אַלט־גריכן האָבן געהאַלטן, אז דאָס אמת שיינע און דאָס אמת אמתע מוז זיין איינפאך. אויך אין אונזערע צייטן איז אלס כלל צופיל קאָמפּליצירטקייט, צופיל פארדרייטקייט א סימן פון אינערלעכער שוואכקייט פון אַן אידיי.

אויף דער אידישער גאס האָט מען פיינט קלאָרקייט און איינפאַכקייט. מען איז געוואוינט צו פילפּלען זיך. אין א קליין שטעטל האָט מען מיר דערציילט וועגן אַ רעפערענט: אַי, איז דאָס אַ רעדנער! ער האָט גענומען אַ קלאָרע טעמע און איין שעה צייט האָט ער אַזוי זי פאַרדרייט, אז קיינער האָט שוין גאָרנישט פארשטאַנען, די צווייטע שעה האָט ער זי צוריקגעדרייט, און עס איז ווידער אַלץ פאַר אַלעמען קלאָר געוואָרן! ס'איז געווען פיין!

די קליינשטעטלדיקייט וועט איר אָפט טרעפן אויך ביי פיל אידישע

איינוואוינער פון די גרויסע שטעט. פאר זיי זיינען די געדאנקען און אידייען פון „בונד“ צו איינפאך, צו פיל ענלעך צו דער סתם־סאָציאַליסטישער באַוועגונג. זיי וואָלטן געוואָלט, אז דער אידישער סאָציאַליזם זאָל האָבן עפּעס גאָר אייגנאַרטיקעס, ווי ס'פּאסט פאר דעם „אתה בחרתנו“־פּאָלק.

אָבער בונדיסטן זיינען איינפאַכע מענטשן. פון שטענדיק אָן האָבן זיי זיך געהאלטן ביי דער מיינונג, אז ס'איז נישטאָ קיין ספּעציעל אידישע סאָציאַלע טעאָריעס און אַז אַלץ וואָס טויג פאַר גוים, טויג אויך פאַר אידן. די בונדיקסטן האָבן זיך געפילט ווי געזונטע מענטשן, וואָס נויטיקן זיך נישט אין ספּעציפיש־אידישער קוראַציע.

אין דער דאָזיקער איינפאכקייט איז דער כוח פון „בונד“. דאָס האָט פון אים געמאַכט די איינראָפּעאישע פּארטיי אין דער אידישער געזעלשאַפט. דאָס האָט צו אים צוגעצויגן אַלץ וואָס איז געזונט, נאָרמאַל און לעבנספֿולסטיק אין דער אידישער אַרבעטערשאַפט.

און דאָס גיט דעם „בונד“ די מעגלעכקייט צו קאָנצענטרירן אַרום זיך די ברייטע אידישע אַרבעטנדיקע פּאָלקס־מאַסן.

* * *

און די אָרגאַניזאַציאָנעלע פראגן? און דער „בונד“ בנוגע דער אויסערלעכער וועלט? וועגן דעם באַזונדער.

„אונזער צייט“, ווארשע, אָקטאָבער 1927.

## 2. דער „בונד“ בנוגע דער אויסערלעכער וועלט

איך מוז זיך אומקערן צו די פראגן, וועלכע זיינען באַרירט אין מיין ערשטן ארטיקל.

ס'איז פאר מיר גאַנץ פארשטענדלעך, ווען חברים זיינען נישט מסכים מיט מיינע אָפּשאצונגען אָדער מיינע אויספירן. ס'פארדריסט מיך אָבער, ווען זיי גיבן זיך נישט די מי צו פארשטיין מיין געדאנקען־גאַנג, און לייגן אריין אין מיינע ווערטער זייערן אן אינהאלט.

למשל, אייניקע חברים האָבן אזוי פאָרמולירט מיין פאָרשלאָג: כדי צו געווינען א גרעסערע פּאָליטישע השפּעה, דארף מען מקריב זיין מיט דער ריינקייט און אויסגעהאלטנקייט פון אונזערע פרינציפּן. בעת אין דער ווירקלעכקייט איז פּונקט פארקערט: איך האָב געשטרעבט אָפּצוריייניקן אונזערע פרינציפּן פון צופעליקע, ווערטלאָזע און אָפטמאָל פארשימלטע באַגריפן. איך

האָב געוואָלט באפרייען אונזער פּאַרטייאישע וועלט אָנשויאונג פון דעם אײַ־בעריקן און ממילא שעדלעכן באלאסט, וואָס שטאמט סיי פון די סעקטאַנ־טישע באדינגונגען, אין וועלכע אונזער באוועגונג האָט זיך אמאָל אנטוויקלט, סיי פון א געוויסער געטאָ־פּסיכאָלאָגיע, וואָס אָביעקטיווע באדינגונגען האָבן איינגעפלאנצט אינם באוואוסטזיין פון דער אידישער ארבעטער־מאסע.

און טאַקע צוליב דעם האָלט איך אונטער אינגאנצן מיינע כללים וועגן דעם „בונד" אין דער אידישער סביבה. טאַקע צוליב דעם האַלט איך פאר נויטיק אויך צו רעווידירן די שטעלונג פון „בונד" בנוגע דער אויסערלעכער וועלט.

* * *

אויף צוויי גרונט־געדאנקען איז געבויט דער בונדיזם. דער ערשטער: די גאולה פון די אידישע פּראָלעטאַרישע מאסן קען קומען נאָר דורך זייער קאַמף פארן סאָציאַליזם אין דעם לאנד, וואו זיי לעבן און ארבעטן. ווער עס לייקנט דעם דאָזיקן געדאנק, דער געפינט זיך ממילא אין אנטי־בונדישן לאגער, אין ציוניסטישן (זע מיין ערשטן ארטיקל). דער צווייטער געדאנק איז: כדי דער פּאָליטישער קאַמף פון די אידישע פּראָלעטאַרישע מאסן זאָל זיין דערפאָלג־רייך און פרוכטבאר, מוז ער זיין אן אָרגאנישער טייל פון דעם פּאָליטישן קאַמף פון גאנצן לאנד־פּראָלעטאַריאַט, ווערנדיק גלייכצייטיק אָנגעפירט דורך אן אויטאָנאָמע (נישט זעלבסטשטענדיקע) זעלבסט־טעטיקע אָרגאניזאציע.

דער דאָזיקער געדאנק באשטימט די באציאונג פון „בונד" צו דער אויסערלעכער וועלט. מיר אָנערקענען נישט קיין ספּעציעלע אידישע סאָציאַ־ליסטישע פּאָליטיק, מיר אָנערקענען א סאָציאַליסטישע פּאָליטיק, וואָס דארף פארענטפערן אויך די נויטן פון די אידישע פאָלקס־מאסן. מיר האלטן נישט פון א ספּעציפיש אידישן נאַציאָנאַליסטישן געדאנק. מיר זיינען א טייכל, וואָס גיסט זיך אריין אין דעם אלגעמיינעם שטראָם.

דאָס איז אלף־בית פאר יעדן בונדיסט. אָבער... דאָס איז טעאָריע. די לעצטע צען יאָר איז עס פארן „בונד" אין פּוילן געווען בלויז טעאָריע. און דאָס איז טאַקע דער שוואכסטער פּונקט אין אונזער באוועגונג.

אוודאי, אָביעקטיווע סיבות האָבן דאָס גורם געווען. אוודאי, האָבן אלע בונדיסטן געפילט די גאנצע צען יאָר, אז די לאגע איז נישט נאָרמאל, פיינלעך און שעדלעך. מיר האָבן געפילט אונזער „איזאָלירטקייט", ווי א דאָרן אין לייב. אָבער... צי זיינען מיר אַליין טאַקע אינגאנצן אָן שולד?

* * *

איינע פון די גרעסטע מעלות פון „בונד" — איז זיין פּילבארקייט בנוגע

פראָבלעמען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער באוועגונג. ווער ס'האָט דורכגעלעבט די לעצטע צען יאָר מיטן „בונד" אין פוילן, דער ווייס, ווי ווייט דער דאָזיקער פעריאָד איז געשטאַנען ביי אונז אונטער דעם צייכן פון אינטערנאַציאָנאַל, אָדער בעסער געזאָגט פון אינטערנאַציאָנאַלן.

כמעט ביי יעדן טאַקטישן באשלוס פון „בונד" האָט געשפּילט די אַנטשיידנסטע ראָלע די באַציאונג צו דער פראגע פון אינטערנאַציאָנאַל. אויב איר ווילט, איז די איצטיקע „איזאָלירטקייט" פון „בונד" אַ דירעקטער רעזולטאַט פון דער שפּאַלטונג אין דער אַלוועלטלעכער פּראָלעטאַרישער באוועגונג.

שטעלט אייך פאָר אויף איין מינוט, אז ס'איז פאַראַן אויף דער וועלט בלויז איין אינטערנאַציאָנאַל. ווי לייכט און ווי איינפאַך וואָלט דעמאָלט געווען פאַרן „בונד" צו לייזן די פראגע, מיט וועמען דאַרף ער גיין צוזאַמען דאָ אין פוילן. און איצטער לאָמיר איבערדרייען די פראגע: ווען דער „בונד" וואָלט געגאַנגען צוזאַמען מיט איינער פון די פּוילישע פּאַרטייען, ווי איינפאַך וואָלט פאַר אים געשטאַנען די פראגע פון אינטערנאַציאָנאַל. ס'איז נישט קיין צופאַל, וואָס בונדיסטן זיינען אַזעלכע הייסע חסידים פון איינהייט אין דער ארבעטער-באוועגונג. דאָס איז פאַר זיי דער בעסטער און באַקוועמסטער אויסוועג פון דער אָפּגעזונדערטקייט, אין וועלכער זיי געפינען זיך.

אָבער דערווייל איז אַזאַ איינהייט נישטאָ. צי דאַרף מען נישט ביי די איצטיקע באַדינגונגען ענדערן אונזער שטעלונג?

* * *

צי קען געמאָלט זיין, אז דער „בונד" זאָל אַריינטרעטן אין דריטן אינטערנאַציאָנאַל?

ס'איז אַ גרויסער ספק, צי מען וואָלט געפונען דערויף פיל בעלנים צווישן די בונדיסטן. דער קאָמינטערן האָט שוין פון לאַנג פארלוירן דעם גלאַנץ פון די ערשטע יאָרן. אלס קאַמפּס-מיטל פון אינטערנאַציאָנאַלן ארבעטער-קלאַס האָט ער זיך ארויסגעוויזן נאָך מער אָנמעכטיק, ווי דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל. אלס אידעאישער צענטער, האָט דער קאָמינטערן אויפגעהערט צו שפּילן וועלכע נישט איז ראָלע, צוליב דער שטיקנדיקער אַטמאָספער פון מעכאַנישער דיסציפּלין, וואָס מאַכט אוממעגלעך פאַר יעדן דענקנדיקן און זעלבסטשטענדיקן טוער צו פארבלייבן אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. אין פארלויף פון די לעצטע יאָרן וועט איר געפינען פיל אָנגעזעענע טוער און נישט ווייניק פּאַרטייען, וואָס זיינען אַוועק פון קאָמינטערן. איר וועט נישט

געפינען קיין איינעם און קיין איינע, וואָס זאָלן דאָרט אַריין. פאַר דער גרינדונג פון קאָמינטערן האָט לענין געשריבן: לאָמיר מאַכן דעם פּרואוו צו איזאָלירן די רעפאָרמיסטישע פירער און זאַמלען אַרום אונזער פאָן די ברייטע אַרבעטער־מאַסן. וועט זיך דער פּרואוו נישט איינגעבן, וועלן מיר צוריק ווערן דער לינקער פליגל פון דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

מ׳דאַרף קיין גרויסער חכם נישט זיין, כדי צו זען, אַז דער פּרואוו האָט זיך נישט איינגעגעבן. די גרויסע מערהייט פּראָלעטאַריער שטייט אויסער דעם קאָמינטערן. אָבער לענין איז געשטאָרבן, און ווער פון די אָפיציעלע קאָמוניסטן וועט האָבן דעם מוט צו טון דעם דרייסטן קער צוריק?

דער זינקנדיקער שטערן פון קאָמינטערן איז בלויז אַן אָפּשפּיגלונג פון דער ירידה פון קאָמוניזם. פאַר אַ פאַנאַטישן אידישן קאָמוניסט זיינען די געוואונענע בעת די סיים־וואַלן 10 טויזנט אידישע שטימען אין וואַרשע אַ באַווייז, אַז מיטן קאָמוניזם האַלט עס גלענצנד. אָבער יעדער אויפריכטיקער קאָמוניסט, וואָס נעמט אַרום די גאַנצע באַוועגונג, מוז קומען צו טרויעריקע אויספירן. ווייל סיי אין רוסלאַנד, סיי אין דער איבעריקער וועלט געפינט זיך דער קאָמוניזם אין אַ פאַרצווייפלטער לאַגע.

אין רוסלאַנד — קאָן מען זיך קיין עצה נישט געבן מיט די אומגעהויערע עקאָנאָמישע שוועריקייטן. די קליינבירגערלעכע סטיכיע אין דאָרף האַלט אין איין וואַקסן און באַדראָט אַלץ מער די גאַנצע סיסטעם. און די אינדוסטרי אַרבעט אויסערגעווייינלעך טייער און לאָזט זיך נישט אָרגאַניזירן ווי געהעריק. ס׳פאָדערן זיך ריזיקע קאַפּיטאַלן אויף נייע אינוועסטיציעס און ס׳איז נישטאָ פון וואַנעט זיי צו נעמען. און די האָפענונגען אויף אויסלענדישע הלוואות ווערן אַלץ קלענער און קלענער. מען מאַכט אוממענטשלעכע אָנשטרענגונגען, און די רעזולטאַטן זיינען אויף דעם עקאָנאָמישן געביט פאַרהעלטנישמעסיק נישטיקע.

האָבן אַלטע אויסגעפּרוּווטע קאָמוניסטן, ווי טראָצקי, ראַדעק, ראַקאָווסקי געזאָגט: מיר האָבן עס שוין פריער פאָרויסגעזען. אונזער רעטונג קען בלויז זיין אין אַ זיגרייכע סאָציאַלע רעוואָלוציע אין אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

האַלט עס אָבער מיט די אַנדערע לענדער גאָר שלעכט. די קאָמוניסטישע באַוועגונג אין אַמעריקע און ענגלאַנד, די גרעסטע פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, איז גאָר נישטיק. אין אַנדערע מערב־אייראָפּעאישע לענדער איז זי אַ מינדערהייט, וואָס האָט אויפגעהערט צו וואַקסן, אָדער אפילו וואָס ווערט נאָך מער איינגעשרומפּן.

נישטאָ קיין פּערספּעקטיוון פאַר קאָמוניסטן! נישט קענענדיק איינבייסן דעם איטאַליענישן פאַשיזם, דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם, וואַרפן זיי זיך מיט דעם גאַנצן ברען ווידער אויף די... סאָציאַליסטן. דער נישט־קאָמוניסטישער אַרבעטער־קלאַס איז דערקלערט געוואָרן, אַלס דער הויפּט־שונא. ווען מען גאָט וויל שטראָפן, ביי דעם נעמט ער צו דעם שכל — זאָגט אַ שפּריכוואָרט. ביי די קאָמוניסטן איז עס אַ טאַקטיק פון יאוש און פאַרצווייפלונג.

* * *

אָבער לאָמיר זיך פאָרשטעלן אויף אַ רגע, אַז דער „בונד" האָט ווידער אַמאָל באַשלאָסן אַריינטרעטן אין דריטן אינטערנאַציאָנאַל. וואָס וואָלט דאַן געשען?

אַבסאָלוט גאָרנישט. דער באַשלוס וואָלט געבליבן אויפן פּאַפּיר. דער קאָמינטערן נעמט נישט אָן קיין פּאַרטייען, וואָס זיינען נישט 100 פּראָצענט קאָמוניסטיש. וויל דער „בונד" גיין צוזאַמען מיט די קאָמוניסטן, האָט ער בלויז איין מיטל דערצו: זיך אויפלייזן און לאָזן פריי דעם פּלאַץ פאַר די קאָמוניסטן. אַזוי לאַנג ווי דער „בונד" וועט בלייבן טריי דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם, וועט ער באַקעמפּט ווערן דורך די קאָמוניסטן ווי אַ דם־שונא.

און נישט נאָר דער „בונד" אַלס גאַנצער, נאָר אַפילו אויך איינצלנע בונדיסטן קענען שלום מאַכן מיט די קאָמוניסטן בלויז פאַרן פּרייז פון אָפּ־לייקענען און באַשפּייען דאָס אַלץ, וואָס זיי האַלטן פאַר ריכטיק און אמת. ווייניקע פון אונז זיינען פעאיק אויף דעם דאָזיקן „שמד"־פּרייז.

צי מיר ווילן, צי מיר ווילן נישט, — איז דער וועג צו די קאָמוניסטן פאַר אונז געשלאָסן. געשלאָסן דורך זייער ווילדן פאַנאַטיזם און פאַרברעכע־רישן ברידער־קריג.

און טאָמער וועלן זיך די קאָמוניסטן בייטן? — דאַן וועט די לאַגע זיין גאָר אַנדערש. מיר רעדן אָבער איצטער, וועגן היינט, און נישט וועגן מאָרגן.

* * *

בלייבן פאַרן „בונד" צוויי אויסוועגן: איינהאַלטן זיין ביז איצטיקע אָר־גאַניזאַציאָנעלע זעלבסטשטענדיקייט, אָדער קאָאָרדינירן, אין אַ מער אָדער ווייניקער ענגער פאָרם, זיין טעטיקייט מיט די כוחות וואָס געפינען זיך אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

אין ביידע פאַלן האָט דער „בונד" די פולע מעגלעכקייט איינהאַלטן זיין

אידעאישן פּנים. אין בײדע פאַלן פאָדערט קײנער פון אים נישט, ער זאָל אױפהערן צו גלױבן אין דעם, אין װאָס ער גלױבט, אין בײדע פאַלן קען דער „בונד“ אײנהאַלטן זײן װערדע, אַלס פּאַרטײ, און די בונדיסטן זײער װערדע, אַלס מענטשן.

ביז איצט האָט דער „בונד“ אױסגעקליבן דעם ערשטן װעג. צי בלײבט דער דאָזיקער באַשלוס װײטער באַרעכטיקט?

* * *

קאָנקרעט האַנדלט זיך װעגן דער באַציאונג צום צװײטן אינטערנאַ-ציאָנאַל און צו פּ. פּ. ס. ס׳זײנען פאַראַן חברים, װאָס װאָלטן געװאָלט די פראַגע פאַנאַנדערטײלן. מיר דאַכט זיך אָבער, אַז אין עצם איז עס אײנס און דאָס זעלבע. ס׳איז בלױז אַן אונטערשײד אין שאַטירונגען. מיר װעלן דער-ריבער רעדן װעגן אינטערנאַציאָנאַל, מײנענדיק אױך די פּ. פּ. ס. שפּעטער װעלן מיר זיך אָפּשטעלן אױף די אײגנאַרטיקײטן פון פּ. פּ. ס.

לאָמיר אָנהױבן פון אַ פעסטשטעלונג: דער „בונד“, אַלס אַ גאַנצער, איז נישט ענלעך צום צװײטן אינטערנאַציאָנאַל און צוליב דעם טאַקע שטעלט זיך בכלל די פראַגע. נישט אײנמאָל האָט מען שױן דעם אונטערשײד אונטער-געשטראָכן. דער „בונד“ איז אַן אָנהענגער פון רעװאָלוציאָנערן סאָציאַליזם, דער צװײטער אינטערנאַציאָנאַל איז דורכגעדרונגען מיטן גײסט פון רעפאָר-מיסטישן סאָציאַליזם.

און ס׳קאָן קײן רײד נישט זײן, אַז מיר זאָלן פאָדערן פון בונד-ס׳ן,

## געמײנזאַמער מיטינג פון אידישע און פּױלישע אַרבעטער אין װאַרשע



אין פּרעזידיום אַלס פאָרשטײער פון „בונד“: ה. ערליך, וו. אַלטער, הערשל הימעלפאַרב און ש. זיגעלבױם.

זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פו זייער וועלט-אָנשויאונג. נישט צוליב פּאַרטיי-פּרעסטיזש, נאָר ווייל מיר האלטן די דאָזיקע אָנשויאונג פאר ריכטיק. מיר גלויבן, אז זי פארטיידיקט אמבעסטן די אינטערעסן פון ארבעטער קלאס, און מיר האָפן, אז זי וועט פריער אָדער שפּעטער זיגן אין דעם באוואוסטזיין פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן ארבעטער־קלאס. אָבער טאקע ארויסגייענדיק פון אונזערע פּרינציפּן און אין די אינטערעסן פון אונזער באוועגונג, קומען מיר צו דער איבערצייגונג: ס'איז שוין צייט, אז דער „בונד" זאָל זיך אָנשליסן אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

* * *

און אַט צוליב וואָס.

איינער פון אונזערע גרונט-פּרינציפּן איז די איינהייט פון דער אַרבעטער־באוועגונג. מיר שטעלן זיך אנטקעגן די קאָמוניסטן, וואָס האלטן פאר נויטיק די שפּאלטונג פון דער אַרבעטער-באוועגונג, מיר באקעמפן די רעפאָרמיסטן, וואָס האלטן פאר נאטירלעך די איזאָלירונג פון די קאָמוניסטן. מיר האָבן אונטערגעשטיצט דעם פאָרשלאג פון בילדן איין אינטערנאציאָנאל, אפילו ווען ער וואָלט אין אָנהויב געהאט א רעכטע מערהייט.

איז דאָך קלאָר, אז אונז שרעקט נישט אָפּ די מעגלעכקייט צו זיין א טייל פון דער לינקער מינדערהייט ביי א רעכטער מערהייט. וואָלט היינט דער קאָמינטערן אויפגעהערט צו עקזיסטירן, וואָלטן מיר אלע איינשטימיק באשלאָסן ארייננצוטרעטן אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. הייסט עס, אז קיין אויפריכטיקע פּרינציפּיעלע מניעות קעגן אָנשלוס זיינען נישט פאראן. ס'איז בלויז א טאַקטישע פראגע: איצטער, אָדער שפּעטער. ווען די קאָמוניסטן וועלן שוין אויך צוטרעטן.

האָט דער „בונד" געמיינט, אז ס'איז בעסער שפּעטער. ביי א טייל בונדיסטן האָט דאָ אומבאוואוסטזיניק (און אפשר באוואוסטזיניק) געשפּילט א ראָלע דער ארגומענט: זאָלן די קאָמוניסטן מיט זייער אָנשלוס כשרן דעם ווע׳, וועט שוין פאר אונז זיין לייכטער צו פארטראָגן דאָס, וואָס געפעלט אונז נישט אין די רעכטע סאָציאליסטישע פּארטייען. דער ארגומענט שפּילט היינט צו טאָג א קנאפּע ראָלע. אויב א זאך איז ריכטיק, קענען מיר עס טאָן אָן דעם הכשר פון די קאָמוניסטן.

וויכטיקער איז געווען דער צווייטער ארגומענט: בלייבנדיק דרויסן, וועלן מיר קענען לייכטער און מיט גרעסערן דערפאָלג קעמפן פאר דעם זיג פון אונזערע אָנשויאונגען אין דער גאנצער ארבעטער־באוועגונג האָבן מיר

געמאכט די פּראָבע. און מיר מוזן מודה זיין, אַז זיי האָבן געגעבן גאָר מאָגערע רעזולטאַטן.

אויפן אינטערנאַציאָנאַלן געביט האָבן מיר זיך פאַרבונדן מיט אַנדערע פּאַרטייען, וואָס שטייען אויף דעמזעלבן שטאַנדפּונקט ווי מיר, און געשאַפן די אינטערנאַציאָנאַלע ביוראָ פון רעוואָלוציאָנער סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. מיר האָבן קיינמאָל נישט געלייגט צו פיל האָפענונגען אויף איר אַרבעט. די ווירקלעכקייט אָבער איז נאָך טרויעריקער, איידער מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט. דער פּאָליטישער איינפלוס פון ביוראָ איז אַזוי קליין, אַז ער איז כמעט ווי נישט פילבאַר. און נאָכדעם, ווי די נאָרוועגישע אַרבעטס-פּאַרטיי איז אַרויסגעטראָטן פון ביוראָ (כדי צו פאַראייניקן זיך מיט דער קליינער, גאַנץ קליינער נאָרוועגישער רעכטס-סאָציאַליסטישער פּאַרטיי), איז די פּאָליטישע באַדייטונג פון דער ביוראָ נאָך מער געפאַלן. און ממילא אויך די צוציאונגס־קראַפט פון די אידייען, וואָס די ביוראָ און מיר בתוכם פאַרטיידיקן.

נישט פיל בעסער איז עס געווען אויף אונזער אַזוי צו זאָגן „אינלענדישן מאַרק". מיר האָבן געהאַלטן רעדעס אויף קאָנפערענצן, צוזאַמענפאָרן, מיר האָבן געשריבן אַרטיקלען, אָבער קיין שום אָרגאַניזאַציאָנעלן אויספיר האָבן מיר נישט געמאַכט. און דער רעזולטאַט? אפשר האָבן מיר געווירקט אויף דעם אָדער אַנדערן קאָמוניסט אָדער פּעפּעסאָוויעץ, מיר האָבן אָבער אים נישט געגעבן קיין מעגלעכקייט אָרגאַניזאַציאָנעל צו פאַרבינדן זיין קאַמף מיט אונזערן. איז ממילא אונזער איזאָלאַציע געוואָרן אַלץ גרעסער, און אויך אונזער פּאָליטישער איינפלוס האָט זיך נישט געקאָנט פאַרגרעסערן.

און פונדעסטוועגן ס'זיינען דאָך יאָ פאַראַן פּאַרטייען און ריכטונגען, מיט וועלכע מיר וואָלטן געקאָנט און געוואָלט צוזאַמענאַרבעטן. דאָס איז דער לינקער פליגל פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, די אַמאָליקע ווינער אינטערנאַציאָנאַלע פאַראייניקונג. די עסטרייכישע סאָציאַליסטן, די שווייצאַרישע, די ענגלישע אומאָפּהענגיקע אַרבעטער־פּאַרטיי — דאָס זיינען דאָך אונזערע נאַטירלעכע פאַרבינדעטע. אויב זיי, כדי קענען זיך פּאָליטיש אויסלעבן, זיינען צוגעטראָטן צום צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, טאָ פאַרוואָס זאָלן מיר זיין בעסער פאַר זיי? איך דערלויב מיר צו זאָגן, און איך פיל די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון די דאָזיקע ווערטער, אַז קיין איינע פון די דאָזיקע פּאַרטייען האָט זיך נישט אַזוי ליידנשאַפטלעך געגויטיקט אין אינטערנאַציאָנאַלע און נאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען, ווי מיר. זיי האָבן זיך דעצידירט, ווער א יאָר פריער, ווער א יאָר שפּעטער. און מיר?

און דאָ אין פּוילן? וויפיל מאָל האָבן לינק געשטימטע פּעפּעסאָווצעס, אויפריכטיקע סאָציאַליסטן, גערעדט מיט דעם אָדער אַנדערן בונדיסט וועגן דער הילף, וואָס זיי דערוואַרטן פון אונז אין זייער קאַמף פאַרן רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם אין די רייען פון זייער אייגענער פּאַרטיי? מיר האָבן אויסגעהערט און געשוויגן. מיר זיינען געווען אָנמעכטיק צו געבן אַן ענטפער, און מיר האָבן געזען, ווי ס'זיינען אוועק אנטוישטע יענע פּוילישע אַרבעטער־טוער, וואָס האָבן געהאָפט, אויפן סמך פון אונזערע רעדעס, פון אונזערע אַרטיקלען, אַז עס לוינט זיך צו אונז ווענדן נאָך הילף.

מיר, בונדיסטן, זיינען געווען אָנמעכטיק, ווייל מיר האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט אין אונזערע אייגענע פאָרמולעס.

* * *

און דער פּלאָנטער נעמט זיך דערפון, וואָס מען מישט צונויף אין אונזערע רייען אידעאישע איינשטימיקייט און אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונג.

מען זאָגט: דער רעפאָרמיסטישער סאָציאַליזם ברענגט שאָדן דער אַרבעטער־זאַך, און דעריבער ווילן מיר נישט האָבן קיין געמיינזאַמעס מיט רעפאָרמיסטישע סאָציאַליסטן. צוערשט פירט מען אַ מלחמה מיט אַ פאַלשער אידייע, און מען ענדיקט מיט אַ קריג קעגן די מענטשן, וואָס גלויבן אין דער אידייע.

אויף וויפיל ס'האַנדלט זיך וועגן אַרבעטער־קלאַס, איז עס דורכאויס אַ פאַלשער וועג. מיר דאַכט זיך, אַז קיין איין בונדיסט האָט נישט געהאַט אַזוי פיל געלעגנהייטן ווי איך צו זען די באַגרענעצטקייט, די אידייענלאָזיקייט, דעם אָפּאָרטוניזם פון נידעריקסטן מין און אָפט אפילו די עקלהאַפטיקסטע פון דער רעפאָרמיסטישער פּאָליטיק. ווייניק בונדיסטן גיבן זיך אָפּ אַ קלאָרערן דין וחשבון פון מיר וועגן די שוועריקייטן, וואָס ס'וועט אונדז אויסקומען אויסצושטיין, בעת מיר וועלן פירן דעם קאַמף פאַר אונזערע אידייען, זייענדיק צוזאַמען מיט דעם גאָר רעכטן פליגל פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. און פונדעסטוועגן האַלט איך, אַז דאָס איז דער איינציק ריכטיקער וועג, ווייל ס'איז דער וועג פון קאַמף.

אַז מען וויל בויען אַ הויז, מוז מען עס טון מיט די ציגל, וואָס מען פאַרמאָגט. אַז מען וויל בויען אַ פּראָלעטאַרישע באַוועגונג, מוז מען זי בויען פון די עלעמענטן, וואָס זיינען פאַראַן. אין אַ דיסקוסיע האָט אַמאָל אַ חבר געוואָרפן דעם צווייטן אַ ווערטל: „אייך צוליב וואָלט מען סיידן געדאַרפט שאַפן נייע אידן". און פונקט אַזוי שווער איז צו שאַפן נייע פּראָלעטאַריער.

* * *

איך הער שוין דעם געשריי: ס׳טייטש, מיר וועלן נעמען אויף זיך די אחריות פאר זייערע מעשים טובים!

דער אומגליק באשטייט אין דעם, אז סיי ווי טראָגן מיר פאר „זיי" די אחריות. ווייל די אמתע קלאסן־סאָלידאריטעט, וואָס בינדט אונז צונויף אין אונזער באוואוסטזיין און אין דעם באוואוסטזיין פון דער זייטיקער וועלט, איז שטאַרקער, איידער אָרגאניזאציאָנעלע פאָרמען און באשלוסן. מיר טראָגן די אחריות פאר די קאָמוניסטן, פאר פּ. פּ. ס., פאר אלץ, וואָס קומט פאָר אין ארבעטער־לעבן. טאָ לאָמיר זיך כאָטש אויסקלייבן אזא וועג, וואָס דער־לויבט אונז אויך באאיינפלוסן „זיי", וואָס געפעלן אונז נישט אַזוי שטארק.

און ס׳איז דאָך זיכער, אז ביי אונזער איצטיקער פּאָליטיק באַגרענעצן מיר אליין דעם דאָזיקן איינפלוס ביז א מינימום.

ווי אָפט שרעקט מען אונז מיט אחריות! דער געפיל פון פאראנטוואָרט־לעכקייט איז זייער א גוטע, זייער א נויטיקע זאך. אָבער ס׳איז אַן אַלטער כלל פון דיאַלעקטיק, אז קוואנטיטעט גייט איבער אין קוואליטעט. צו פיל אחריות־געפיל דאָס איז שוין פּחדנות, אומפעאיקייט צו א געוואגטער טאַט. און איך האָב דעם איינדרוק, אז דער „בונד" איז רייף צו געוואגטע טאַטן, אז ער וויל געפינען דעם וועג צו ברייטערער פּאָליטישער טעטיקייט, צו ברייטערע פּאָליטישע פּערספּעקטיוון.

* * *

„אייער אגיטאַציע ברענגט שאָדן! זי קען אויפרייסן די פּאַרטיי! ווארט אָפּ, האָט נאָך גערולד!"

האלט איך אָבער, אז מען טאָר מער נישט ווארטן. מיט פינף יאָר צו־ריק איז עס געווען באַרעכטיקט. היינט שוין נישט. ווייל די אָביעקטיווע באַ־דינגונגען אַרבעטן קעגן אונז.

די צאָל אידישע איינוואוינער אין די גרעסטע צענטרען פון פוילן האלט פארהעלטניסמעסיק אין פאלן. די אינדוסטריאַליזאַציע פון דער אידישער בא־פעלקערונג זעט זיך כמעט ווי נישט אָן. מיר אלס „בונד" האָבן שוין דער־גרייכט כמעט די גרענעץ פון אונזערער עקספּאנסיע, א נייע באדייטנדיקע אויסשפּרייטונג פון אונזערע איינפלוסן איז מעגלעך נאָר דאן, ווען מיר וועלן אימשטאנד זיין אריינפירן די אידישע פאָלקס־מאסן אין אַן אקטיווערן פּאָ־ליטישן לעבן. און דאָס איז מעגלעך בלויז דאן, ווען מיר וועלן ברעכן אונזער איזאָלאציע. מיר מוזן צעברעכן די געטאָ־מויערן, וואָס מיר האָבן אליין ארום

זיך אוועקגעשטעלט מיט אונזערע פרינציפן, מיט אונזער מורא פארן טראָגן אחריות פאר יענעמס הטאים. מיר מוזן צוריק ווערן דער „בונד", דער טרעגער פון דער איינהייט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער פּאָליטיק אויף דער אידישער גאַס.

אין דער פראנצויזישער ליטעראטור איז פאראן א בילד פון א מענטשן, וועלכן ס'איז מיאוס געוואָרן די געמיינהייט, נאַרישקייט און גראָבקייט פון אנדערע מענטשן. האָט ער זיך אויסגעבויט א הויכן טורם פון עלפאַנט־ביין און פון דאָרטן געקוקט מיט פאראכטונג אויף דער איבעריקער מענטשהייט. איך האָב דעם איינדרוק, אז פיל פון אונזערע חברים האָבן זיך אויך ארויפגעכאפּט אויף אזא טורם און ס'גליסט זיך זיי נישט פון דאָרט אוועקגיין. ס'איז אזוי רואיק, ווייס, שיין. אָבער... ס'איז נישט דאָס לעבן, וואָס ברויזט און טומלט, וואו ווייסע קליידער ווערן אָפט באַשמוצט נישט נאָר מיט בלוט, נאָר אויך מיט בלאָטע.

און מיך שרעקט נישט, אז אויך אין אונזער פארטיי זאָל ברויזן און טומלען. מען דארף בלויז אויסמיידן די בלאָטע. און ס'וואָלט נישט געווען קיין מעלה, ווען אונזער פארטיי וואָלט געקאָנט געגליכן ווערן צו אן אנדערע, וואו אלץ איז שטיל און רואיק, ווייל... דאָס וואסער שטייט אויף איין אָרט.

אגב, איך גלויב נישט, אז די גאנצקייט פון אונזער פארטיי זאָל געשטעלט ווערן אין א סכנה דורך דער פראגע פון אינטערנאַציאָנאַל. צייטן בייטן זיך. דער „בונד" אליין איז פון אידייאישן שטאנדפּונקט א סימבאָל פון אָרגאַניזאַציאָנעלער איינהייט פון דער ארבעטער-באַוועגונג. מיר האָבן צווישן אונז גאָר רעכטע עלעמענטן, וואָס באַציען זיך מיט אומצוטרוי צו די שעפערישע כוחות פון דעם ארבעטער־קלאַס מיר האָבן „עקסט־לינקע" עלעמענטן, וואָס ווערן שכור, ווי נאָר זיי הערן דעם קלאַנג פון אן אולטרא לינקער פראזע. אונז אלעמען אָבער פאַרייניקט דער גלויבן, אז די איינהייט פון דער א בעטער־באַוועגונג איז די גאַראַנטיע פון איר זיג. איינהייט אין טאַט, און נישט אין געדאַנקען. יעדער האָט דאָס רעכט צו האָבן זיין מיינונג און זי צו פארטיידיקן. האַנדלען אָבער מוזן אלע צוזאמען. נוץ איך טאַקע אוים דאָס דאָזיקע רעכט, כדי פאָרשלאָגן דער פארטיי זיך אָנשליסן אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. אָנשליסן זיך, בלייבנדיק אזוי ווי זי איז.

דורכפירן דעם דאָזיקן פאָרשלאַג איז אינגאַנצן אָפּהענגיק בלויז פון אונז. דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל שטעלט נישט קיין שום באַדינגונגען די פארטייען, וואָס ווילן צו אים געהערן. און דער דאָזיקער ליבעראַליזם זיינער איז אויך איינע פון די הויפּט-סיבות פון זיין שוואַכקייט. דאָ איז ווידער ריכטיק

דער דיאַלעקטישער כלל, אַז אַן איבערגעטריבענע מעלה ווערט אַ חסרון. אָבער אַזוי איז עס.

אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל זיינען די קענגזייטיקע פאַרפליכטונגען אַזוי שוואַך, אַז אַפילו די מערהייט שרעקט זיך אָפּ אויסצונוצן איר׳ע רעכט פון אַ מערהייט. מען פּרוּווט שטענדיק דורכקומען מיט גוטן. איך האָב געזען פאַלן, ווען אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס האָט אַ מערהייט פון ניין צענטל נישט אָנגענומען קיין באַשלוס, ווייל זי האָט נישט געוואָלט מאַיאָריזירן די קליינע מינדערהייט.

ווי געזאָגט, איז דאָס אַ גרויסער חסרון, ווייל עס דערפירט כמעט צו נול די שלאָגפערטיקייט פון דעם אינטערנאַציאָנאַל. אָבער לאָמיר אויסנוצן די מעלה פון אָט דעם חסרון. ווייל מען וועט אונז נישט מאַיאָריזירן, ווייל מיר וועלן האָבן שטענדיק די מעגלעכקייט צו פאַרטיידיקן אונזער שטעלונג און האַנדלען אין הסכם מיט איר, וועט אונז זיין לייכטער צו נעמען אויף זיך די פליכטן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער אָנגעהעריקייט צום צווייטן אינטער-נאַציאָנאַל.

* * *

און איצטער וועגן פּ. פּ. ס.

אַ מאָדנע זאַך: פיל בונדיסטן, וואָס שרעקן זיך פאַרן צווייטן אינטער-נאַציאָנאַל, האָבן אַ פאַרשטענדעניש פאַר דער נויטיקייט פון אַ צוזאַמענאַר-בעט מיט פּ. פּ. ס.

זיי ווייסן גאַנץ גענוי, אַז פּ. פּ. ס. געהערט דווקא צום רעכטן פליגל פון דעם אינטערנאַציאָנאַל. זיי ווייסן גאַנץ גוט, אַז די אַלגעמיינע פּאָליטישע ליניע פון פּ. פּ. ס. אַנטשפּרעכט ווייט נישט אונזערע באַגריפן פון אַ רעוואָ-לוציאָנערער טעטיקייט. זיי ווייסן גאַנץ גוט, אַז אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, און ספּעציעל אין דער אידישער פראַגע, פאַרנעמט אָפּט די פּ. פּ. ס. אַ שטעַ-לונג, וואָס איז סותר אונזערע גרונט-פּרינציפּן. און פונדעסטוועגן זיינען זיי פאַר אַ מיטאַרבעט מיט פּ. פּ. ס., — ווייל דאָס לעבן פאָדערט דאָס, ווייל די אינטערעסן פון די אידישע מאַסן פאָדערן דאָס.

בעת די לעצטע סיים-וואַלן האָבן מיר געמאַכט אַן אינטערעסאַנטן עקס-פּערימענט: אין אַ פּאָר וואַל-קרייזן זיינען מיר געגאַנגען צוזאַמען מיט פּ. פּ. ס. און כאַראַקטעריסטיש — דווקא אין די דאָזיקע קרייזן זיינען אונזערע חברים געווען אַמיינסטן צופרידן מיט דער וואַל-קאַמפּאַניע. ערשטנס צוליב




מאי־דעמאָנסטראַציע פון פוילישע און אידישע ארבעטער אין קראָקע
אין יאָר 1930.

דעם, וואָס זיי האָבן רעאליזירט דעם בונדישן גרונט־פּרינציפּ, אז דער פּאָלי־טישער קאמף פון די אידישע ארבעטער מוז געפירט ווערן צוזאמען מיט דעם קאמף פון די נישט־אידישע פּראָלעטאַריער. און צווייטנס, ווייל זיי האָבן משפּיע געווען די שטעלונג פון די פּוילישע ארבעטער דורך דעם פאַקט גופא, וואָס זיי האָבן געפירט אַ געמיינזאמע פּאָליטישע אקציע, נישט אָפּטרעטנדיק א האָר פון אונזערע פּרינציפּן און אונזערע פאָדערונגען.

ווייל די בעסטע אגיטאַציע קעגן נאַציאָנאַליזם און פאַר אינטערנאַציאָ־נאליזם, — איז די אינטערנאַציאָנאַליסטישע טאַט. דאָס איז געווען אונזער געווינס לגבי דער פּ. פּ. ס. און די בעסטע אַגיטאַציע פאַר פּאָליטישער אקטיווי־קייט — איז א רעאלע פּאָליטישע טאַט. אין דעם איז באַשטאַנען אונזער גע־ווינס לגבי אונז אליין.

זעלבסטפארשטענדלעך, נאָך מיט פינף יאָר צוריק וואָלט אַזא אָפּמאַך־צווישן „בונד" און פּ. פּ. ס. נישט געווען מעגלעך. אין פארלויף פון דער צייט

האָט זיך פיל געביטן, און צווישן אנדערע האָט זיך אויך געביטן פּ. פּ. ס., אין דאָס וויכטיקסטע — זי האַלט נאָך ווייטער אין בייטן זיך.

ס'ענדערט זיך די פּאָליטישע אָריענטאַציע פון פּ. פּ. ס. לאַנגזאַם, פּאַמעלעך, אָבער פּאָרט — ס'ענדערט זיך. ס'איז ריכטיק, אז א גרויסן חלק פאַרדינסט אין דעם דאָזיקן פּראָצעס דאַרף מען צושרייבן פּילסודסקין, אָבער ס'איז דאָך פּאָרט אַזוי. פּ. פּ. ס. איז דאָך אַ גרויסע מאַסן-פּאַרטיי, און די [illegible]ע פאַרונגען פון אירע פאַלשע פּאָליטישע האַנדלונגען לאָזן איבער אַ שפּור אין איר באַוואוסטזיין. יעדע פאַרלוירענע אילוזיע פאַרשטאַרקט די לינקע שטימונג אין דער פּאַרטיי. דאָס אָוועקגיין פון פיל רעכטע, נאַציאָנאַליסטישע עלעמענטן צו די סאַנאַטאָרן האָט אויך געזונטער געמאַכט די אַטמאָספער אין פּ. פּ. ס. ס'איז אויסער יעדן ספק, אַז די אַלגעמיינע פּאָליטיק פון פּ. פּ. ס. זעט אויס פיל זויבערער, איידער מיט אַ פּאָר יאָר צוריק.

נישט ווייניקער אינטערעסאַנט איז די ענדערונג אין דער שטעלונג פון פּ. פּ. ס. לגבי דער נאַציאָנאַלער פראַגע. און עס גייט מיר נישט וועגן שטימונגען, נאָר וועגן פאַקטן.

איך האָב אין זינען דעם אָפּמאַך צווישן פּ. פּ. ס. און די דייטשע סאָציאַליסטן, סיי אין לאָדזש, סיי, און הויפּטזעכלעך, אין אויבערשלעזיען. ס'האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַן אָפּמאַך בעת די סיים-וואַלן, און ס'האָט זיך געענדיקט מיט דער פולער אָנערקענונג דורך פּ. פּ. ס. פון די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פון די דייטשע סאָציאַליסטן און אַ שטענדיקן פּאָליטישן אָפּמאַך. ביי דער געלעגנהייט זיינען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון פּ. פּ. ס. איינִיקע פון זייערע ביז-איצטיקע פירער, בינישקעוויטש, שטרומפעלד און אנדערע, וואָס האָבן געשמט פאַר אויסגעשפּראָכענע נאַציאָנאַליסטן. דער פאַקט אַליין פון צוזאַמענאַרבעט מיט די דייטשע סאָציאַליסטן האָט געמאַכט אוממעגלעך זייער בלייבן אין פּ. פּ. ס.

אויך אין דער פראַגע דאַרף מען א גרויסן חלק פאַרדינסט צושרייבן א זייטיקן איינפלוס, דעם איינפלוס פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. מיר, וועלכע האָבן שטענדיק אונטערגעשטראָכן די פּאָזיטיווע דערגרייכונגען פון די קאָמוניסטן אויף דעם נאַציאָנאַלן געביט, מוזן היינט אָנערקענען, אז אויך דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך לעצטנס איינגעגעבן צו דערליידיקן אויף אַ פרידלעכן אופן געוויסע נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן אין באַזונדערע לענדער. אַזוי איז געקומען צו א פאַרשטענדיקונג צווישן די טשעכישע און דייטשע סאָציאַליסטן אין טשעכאָסלאָוואַקיי און צווישן פּ. פּ. ס. און די דייטשע סאָציאַליסטן אין פּוילן.

## ביי די ווארשעווער באקלייד־ארבעטער



ה. ערליך רעדט דעם ערשטן מאי צו די אידישע באקלייד־ארבעטער אין ווארשע, אין הויף אויף נאלעווקי 34.

ווי ס'ווייזט אויס, איז דער געדאנק פון אינטערנאציאנאליזם גובר אין דער גאנצער ארבעטער־באוועגונג. אזוי האט געמוזט זיין, און מיר בונדיסטן דארפן ציען דערפון די געהעריקע קאנסעקווענצן.

* * *

פ. פ. ס. ענדערט זיך. צי האט זי אבער דערגרייכט דעם מצב, וואס זאל מעגלעך מאכן א צוזאמענארבעט אין רייבונגען צווישן איר און דעם „בונד"?

ס'וואלט געווען א שעדלעכע אילוזיע אזוי צו טראכטן. דוקא מיר, ווארשעווער בונדיסטן, וואס טרעפן זיך טאג איין טאג־אויס מיט דער אומדערטרעגלעכער פאליטיק פון דער אזוי גערופענער „יאוואראווטשיזנע", ווייסן אמבעסטן, ווי אומעהייער שווער ס'וואלט געווען דער דאזיקער וועג. און אפשר אפילו אינגאנצן אוממעגלעך.

אָבער פונדעסטוועגן דארפן די געהעריקע פּרואוון געמאַכט ווערן. די פראגע דארף אוועקגעשטעלט ווערן פאר דער גאנצער פּוילישער ארבעטער־שאפט. און לאָמיר נישט פארגעסן, אז פאר פיל פון די פּוילישע ארבעטער וועלן מיר, בונדיסטן זיין פּונקט אזוי שווער צו פארדייען, ווי זיי פאר אונז. דערמאָנט אייך די ערשטע צייטן נאָך דער פאראייניקונג פון דער פּראָפעסיאָנעלער באוועגונג, און פארגלייכט זיי מיט דעם היינטיקן טאָג.

* * *

דער פּרואוו דארף געמאכט ווערן. וועט ער זיך איינגעבן, איז אוודאי גוט. און אויב נישט?

יעדנפאלס, מוז מען א סוף מאכן מיט דער פּאָליטיק פון פּאסיוון ווארטן. דער גאנצער כאראקטער פון אונזער טעטיקייט דארף געביטן ווערן. מיר מוזן ארויסגיין פון דער ריין אידישער באַגרענעצטקייט און ענגער באַרבינדן זיך מיט אנדערע טיילן פון פּראָלעטאריאט פון פּוילן.

אָפּן גערעדט: 150 טויזנט אידישע פּראָלעטאריער אין פּוילן איז נישט גענוג וואָגיק, כדי אויסאיבן א ווירקזאמען זעלבסטשטענדיקן פּאָליטישן איינ־

אויפן בילד: ה. ערליך, וו. אלטער, ב. זעליקאָוויטש, ארטור, בערנארד, א. גאָלדבערג, ל. בלאנק א. א.

פלוס אין פוילן. אין די אינטערעסן פון דער דאָזיקער מאַסע ליגט אַ וואָס ענגערע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונג מיט אַנדערע פּראָלעטאַרישע גרופּי־רונגען. אויב יענע זיינען אַפילו קליין, זיינען מיר נאָך אויך נישט באַזונדערס גרויס.

די ריכטליניע פון אונזער טאַקטיק דאַרף זיין אַ קלאָרע.

* * *

די אַרבעטער־באַוועגונג פון דער גאַנצער וועלט לעבט איבער אַן אידייִ־אישן שטילשטאַנד. ס׳פילט זיך אַ מידקייט, אַן אַנטוישונג אין די ביז־איצ־טיקע לאָזונגען און וועגן. דאַכט זיך, אַז מיר דערנענטערן זיך צו אַ געוויסן איבערברוך פון שטימונגען, וואָס זאָל פאַרענדיקן איין פאַזע פון דער באַווע־גונג און אָנהויבן אַ צווייטע.

ס׳איז נאָך אוממעגלעך פעסטצושטעלן, וואָס וועט זיין דער אינהאַלט, וועלכער וועט אויפסניי באַפליגלען מיט ענטוזיאַזם די ברייטע אַרבעטער־מאַסן. ס׳דאַכט זיך, אַז דער מאָרגנדיקער סאָציאַליזם וועט האָבן צוויי כאַ־ראַקטעריסטישע שטריכן: ער וועט לייגן גרעסערע אַכט אויף דעם יחיד, אויף די אינדיווידועלע אייגנשאַפטן און רעכט פון יעדן איינצלנעם מענטשן, און ער וועט שענקען ווייניקער אויפמערקזאַמקייט די אינטערעסן און אייגנשאַפטן פון נאַציאָנאַלע קיבוצים. דער סאָציאַליזם וועט ווערן מער אַלמענטשלעך סיי דורך דעם, וואָס ער וועט געבן גרעסערע פרייהייט פון באַוועגונג יעדן איינ־צלנעם מיטגליד, סיי דורך דעם, וואָס ער וועט לייגן באַזונדער אַכט אויף דעם, וואָס איז געמיינזאַם פאַר אַלע מענטשן פון דער וועלט.

איבערגעזעצט אויף דעם געוויינלעכן פּאָליטישן סקאַרבאָוון לשון, הייסט דאָס: די סאָציאַליסטישע באַוועגונג וועט ווערן אַלץ ווייניקער סעקטאַנטיש און אַלץ מער אינטערנאַציאָנאַליסטיש.

אין הסכם מיט די דאָזיקע ריכטליניעס שלאָג איך פאָר צו רעווידירן די שטעלונג פון אונזער פּאַרטיי, סיי אין דער אידישער סביבה, סיי בנוגע דער אויסערלעכער וועלט.

„אונזער צייט“, וואַרשע, מאַי 1928.

## פון דער בונדישער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג

די אָנגעשטעלטע צוזאמען מיט דער אָנפירונג פון די בונדישע קאָאָפּעראַטיוועס אין וואַרשע, געזעגנען
וו. אלטערן, דעם שליח פון צ. ק. פון „בונד‟ אין פּוילן, צו זיין ערשטער רייזע קיין נ. אמעריקע.

# וועגן קאמוניזם און וועגן קאמוניסטן

## 1. כאראקטעריסטישע אייגנשאפטן

אויפריכטיקע קאמוניסטן (וועגן אנדערע לוינט נישט צו רעדן) האבן א רייע ווערטפולע מעלות: רעוואלוציאנערן טעמפעראמענט, מסירת נפש און קודם כל אן עקל צום בירגערלעכן פיליסטערטום, צו דעם דאזיקן אינ־האלט פון גאנצן בירגערלעכן לעבן, וואס דרינגט אפט אריין זאגאר אין דער ארבעטער־באוועגונג.

אבער... אינדיווידועלע מעלות פון די בעסטע צווישן די קאמוניסטן דעצידירן נישט וועגן ווערט פון קאמוניזם אלס א ריכטונג אין דער ארבעטער־באוועגונג. כדי אפצושאצן א פאליטישע ריכטונג, מוז מען קודם כל באַ־טראכטן אירע פאליטישע פרינציפן און אירע פאליטישע רעזולטאטן.

די מאדערנע קאמוניסטישע באוועגונג באשטייט פון צוויי נישט גלייכע טיילן: פון סאוויעטן־רוסלאנד און פון די קאמוניסטישע פארטייען אין די איבעריקע לענדער. רוסלאנד און נאר רוסלאנד איז דער מוח, קאמאנדיר, מוס־טער און רוקן־ביין פון דער גאנצער באוועגונג. די איבעריקע קאמוניסטישע פארטייען לעבן אויסשליסלעך נאר מיטן אפשיין פון סאוויעטן־רוסלאנד.

דעריבער טראגט אויך זיך די גאנצע קאמוניסטישע באוועגונג א שטעמפל פון די אינערלעכע און אויסערלעכע פארהעלטענישן אין רוסלאנד. נאר אויף אזא אופן קאן מען פארשטיין די אנארמאליטעטן און סתירות פון דער דאזיקער באוועגונג.

אלזא:

דער כאראקטעריסטישסטער שטריך פון קאמוניזם איז, וואס ער נעג־גירט יעדע „דעמאקראטיע" אין אלע אירע שאטירונגען. קודם כל אויפן פאַ־ליטישן געביט באקעמפט ער דאס אלגעמיינע וואל־רעכט, ד. ה. דאס גלייכע

פאַרמעלע פּאָליטישע רעכט פאַר אַלע איינוואוינער פון לאַנד אָנצופירן מיט זייער פּאָליטישן לעבן. דער פּרינציפּ, אַז נאָר איין קלאַס זאָל האָבן אַקטיווע פּאָליטישע רעכט, איז פאַר די קאָמוניסטן אַ פעסטע דאָגמע. פאַר די לינקע סאָציאַליסטן (צ. ב. אָטאָ באַוער) איז דאָס אַ עווענטועלע פּאָליטישע נויטווענדיקייט, אַ צייטווייליקע צרה, וואָס מען מוז וואָס גיכער אָפּשאַפן.

ווייטער: פאַר זייערע קעגנער נעגירן זיי די דעמאָקראַטיע אין זין פון דעמאָקראַטישע פרייהייטן פון פאַרזאַמלונגען, פאַראיינען, וואָרט און שריפט. די פּראַקטיק פון די קאָמוניסטן הן אין רוסלאַנד, הן אין די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס פון אַלע לענדער, וועלכע זיי האָבן באַהערשט, באַווייזט עס אַ סך מער ווי די טעאָריע. די אַבסאָלוטע אויסראָטונג פון דער אָפּאָזיציע איז דער יסוד פון דער קאָמוניסטישער רעגירונגס־קונסט. די לינקסטע זשאַר סאָציאַליסטן קאָנען נישט פאַרדייען די דאָזיקע טאַקטיק, וואָס אונטערדריקט און דערשטיקט אַלע זעלבסטשטענדיקע דערשיינונגען פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. עס איז אָבער אַ ספק, צי פון שטאַנדפּונקט פון רעוואָלוציאָנערער צוועקמעסיקייט קאָן זי אָנגעווענדעט ווערן אַלס אַ שטענדיקע מעטאָדע.

זיי נעגירן אויך די „דעמאָקראַטיע" אין די רייען פון פּראָלעטאַריאַט, זיי פאַרלייקענען די מעגלעכקייט דער אַרבעטער־קלאַס זאָל קאָנען זיך רעגירן לויטן אייגענעם איינזען. אַן אמתער קאָמוניסט פאַרשטייט „די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט" נאָר אַלס דיקטאַטור פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אויב דער כלל אַרבעטער איז מסכים מיט דער מאַכט פון די קאָמוניסטן, איז גוט. אויב ער איז נישט מסכים, איז ווי צו דער אַרבעטער־מערהייט, וואָס „פאַרשטייט נישט אירע אייגענע אינטערעסן". „די באַוואוסטזיניקע מינדערהייט" וועט נעמען אויף אירע פּלייצעס די אויפגאַבע פון כלל און פון זיך אַליין, וועט זי שוין שעפּן דעם כח און ווילן צו רעגירן. די קאָמוניסטישע מאַכט איז פאַר קיינעם נישט פאַראַנטוואָרטלעך, חוץ פאַר איר אייגענער פּאַרטיי, און זי קאָן קיינמאָל נישט און דורך קיינעם נישט אָפּגערופן ווערן (אַן אויסנאַם זיינען פּערסאָנאַלע ענדערונגען, וואָס ווערן דעצידירט דורך דער פּאַרטיי).

עס איז איבעריק צוצוגעבן, אַז דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט שטויסט זיך אָן אויף אַן אַנטשלאָסענעם ווידערשטאַנד מצד אַלע סאָציאַליסטן.

ענדלעך, פאַרלייקענען זיי „די דעמאָקראַטיע" אין דער אייגענער פּאַרטיי גופא. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי באַשטייט פון אַ סך „באַרופענע", אָבער „אויסדערוויילטע" זיינען פאַראַן נאָר געציילטע. די עטלעכע, פון גאָט גע־

זאלבטע, דעצידירן אין אַלע ענינים. די איבעריקע זיינען מחויב צו זיין געהאָרכזאַם. און אויב זיי קענען זיך נישט אונטערוואַרפן מיט דער געהעריקער הכנעה, זיינען זיי שלעכטע קאָמוניסטן. יעדער פּראָוו צו פאַרטיידיקן אַן אייגענעם שטאַנדפּונקט איז פאַרבונדן מיט דער סכנה צו פאַרלירן די איינפלוסן און אמטן (טראָצקי, ראַדעק, בראַנדלער, וואָלעצקי א. א. וו.). זאָגאַר אַזעלכע צוויי שטערנס פון „לעניניזם", ווי זינאָוויעוו און קאַמעניעוו, זיינען געמאַכט געוואָרן מיט בלאָטע צוגלייך און דעגראַדירט, בעת זיי האָבן געוואַגט עפנטלעך צו דערקלערן, אַז אין געוויסע ענינים האָבן זיי אַן אַנדערע מיינונג, ווי די מערהייט פון צענטראַלן קאָמיטעט. ווער עס האָט די העזה שטאַרקער צו מאַניפעסטירן זיין אייגענע אינדיווידואַליטעט, ווערט אַריינגעוואָרפן אין חרם און אויסגעשלאָסן פון דער באַוועגונג (סעראַטי, לעווי, באַלאַבאַנאָווא, סובאַרין, מאָנאַט ראָבערט וויליאַמס און אַ סך אַנדערע). דעריבער איז אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג (אַ חוץ רוסלאַנד) פאַראַן אַזוי פיל מענטשן און אַזוי ווייניק יחידים מיט אַן אויסגעשפּראָכענער אינדיווידואַליטעט.

מען מוז אָנערקענען, אַז דאָס פאַרלייקענען די „דעמאָקראַטיע" האָבן די קאָמוניסטן גרינטלעך דורכגעטראַכט ביז צום סוף. דאָס איז אַן אָליגאַרכישע, כמעט אַן אַבסאָלוטיסטישע דאָקטרין.

דער דאָזיקער פּרינציפּ פון אַבסאָלוטיזם אין דער אַרבעטער־באַוועגונג איז נישט אינגאַנצן נײַ. שוין אין די צייטן פון ערשטן אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ טענדענץ צו אידענטיפיצירן די גאַנצע באַוועגונג מיט אַ באַשטימטער פּערזאָן נישט נאָר אידעאיש, נאָר אויך אָרגאַניזאַציאָנעל. מאַרקס האָט געענטפערט אַ דעלעגאַציע: „די דייטשע אַרבעטער־באַוועגונג — דאָס איז איך און ענגעלס". שפּעטער האָט לאַסאַל דערהויבן דעם דאָזיקן פּרינציפּ צו אַ מדרגה פון אַ דאָגמע, כמעט צו אַ יסוד פאַר דער גאַנצער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. איין מאָל אין דריי יאָר האָבן געזאָלט פאָרקומען וואַלן פון אַ פירער, וואָס האָט אין משך פון זיין קאַדענץ געזאָלט האָבן כמעט אַן אומבאַגרענעצטע מאַכט. ענדלעך איז לענינען געלונגען פּראַקטיש צו רעאַליזירן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג די געשטאַלט פון אַן אַליין־הערשער מיט אַ נישט־באַגרענעצטן צוטרוי און מיט אַן אַבסאָלוטער געהאָרכזאַמקייט מצד זיינע חברים.

די דאָזיקע קאָנצעפּציע וועגן אַן אַרבעטער־„מאָנאַרכיזם" האָט אין זיך די זעלבע אייגנשאַפטן, ווי דער בירגערלעכער מאָנאַרכיזם. אויפן המון ווירקט דאָ קודם כל די מורא פאַר פרייהייט. אַ גרויסע מערהייט מענטשן איז הילפּ־

לאָז לגבי דער אמתער פרייהייט און ווייס נישט, וואָס מיט איר צו טון. דער־וואקסענע מענטשן אונטערשיידן זיך נישט קיין סך פון קינדער. די גרעסטע מערהייט איז צופרידן, בעת אַן אַנדערער אָדער אַנדערע ווייזן איר אָן דעם קלאָרן וועג פאַר מעשים, בפרט אין קאָמפּליצירטע, נייע סיטואַציעס, וואו די טראַדיציע איז נישט גענוגנד. און בעת אַ שטאַרקער מענטש (מאַרקס, לאַסאַל, לענין, פּיאָטר דער גרויסער, נאַפּאָלעאָן, ביסמאַרק זיינען געווען שטאַרקע מענטשן) וואַרפט דאָן אָן זיין ווילן די מאַסן, פאַרגוואַלדיקט ער זיי נישט, פאַרקערט, ער דערוועקט נאָך צו זיך דאַנקבאַרקייט און פאַרערונג.

א צווייטער „מאָנאַרכיסטישער" ארגומענט — פאַר די פירער — איז די עלאַסטישקייט פון האַנדלונג. אַלס מוסטער איז דער דאָזיקער הינזיכט קאָן דינען די מיליטערישע אָרגאַניזאַציע, וואו אַלץ שטיצט זיך אויף אַ באַ־פעל פון אויבן און אויף געהאָרכזאַמקייט פון אונטן. די ליידונג, וואָס באַ־שטייט נאָר פון איין פּערזאָן, גאַראַנטירט דעם דערפאָלג.

אָבער... אויסנאַם־שטאַרקע מענטשן זיינען אַן אויסנאַם. אפילו די אויסערגעוויינלעכסטע סיטואַציעס ווערן וואָכעדיק. דעריבער האַלטן זיך נישט פעסט די געביידעס, וואָס זיינען אויפגעשטעלט אויף די דאָזיקע פּרינציפּן; זיי צעברעקלען זיך גיך אונטער דער ווירקונג פון דער אַטמאָספער, אַזוי האָט זיך אויך די מאָדערנע ארבעטער־באַוועגונג פון פאַר דער מלחמה־צייט, נישט געקוקט אויף מאַרקס און לאַסאַלס גרויסע איינפלוסן, גיך באַפרייט פון די „אַבסאָלוטיסטישע" שטימונגען און זיך מעכטיק אויפגעבויט אויף יסודות פון מאַקסימאַלער פרייהייט פון יחיד, אויפן יסוד פון זעלבסטשטענדיקער, אינ־גאַנצן פרייער שעפערישער טעטיקייט פון די מאַסן. הן די לאַסאַליאַנער אין דייטשלאַנד, הן די בלאַנקיסטן אין פראַנקרייך האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע טעאָריעס צו מיליטאַריזירן די אַרבעטער־באַוועגונג. שפּעטער איז אויסגע־בראָכן די מלחמה און די רוסישע רעוואָלוציע. עס האָט זיך געשאַפן אַ סי־טואַציע אַ נייע, אַן אויסערגעוויינלעכע. און לענין איז בלי ספק געווען אַ מענטש מיט אַ מעכטיקער אינדיווידואַליטעט. עס איז אויפגעשטאַנען תחית המתים די דאָקטרין פון ארבעטער אַבסאָלוטיזם, וואָס האָט געפייערט גרויסע נצחונות, הגם דאָס איז סותר געווען דעם גייסט פון דער מאָדערנער אַר־בעטער־באַוועגונג.

פאַרוואָס אָבער פאַרטיידיקן די קאָמוניסטן אַזוי עקשנותדיק די דאָזיקע דאָקטרין? דער ענטפער איז אַ לייכטער: די סיבה ליגט אין די אינערלעכע פאַרהעלטענישן פון רוסלאַנד. די סאָוויעטן־רעגירונג רעפּרעזענטירט אַ דינעם שיכט פון פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז אַרומגערינגלט מיט אַ ים קליין־ביר־

גערלעכע פויערים. זי קאָן עקזיסטירן און זיך איינהאלטן ביי דער מאכט, נאָר מיט מעטאָדן, וועלכע עס ווענדעט אָן יעדע רעגירונג פון א קליינער מינדער־הייט: דורך נעגירן די דעמאָקראַטיע, דורך א פולשטענדיקן אויסראָטן די אָפּאָזיציע און דורך אַ גאנצן אָדער האלבן אבסאָלוטיזם. און עס ליגט אין דער נאַטור פון מענטשן צו מאכן פון דער נויט א טוגנד, צוצופאסן א טעאָריע צו דער פראקטיק.

א צווייטע אייגנשאפט פון קאָמוניזם איז זיין אויסערגעוויינלעכער אָפּאָרטוניזם. דאָס קלינגט פאראדאָקסאל, אָבער דאָס שטימט מיט דערווירקלעכקייט.

די קאָמוניסטן מעגן אלץ. און קודם כל מעגן זיי ענדערן זייערע אָנשויאונגען און מיינונגען.

נעכטן האָט מען געמעגט זאָגן, אז מען טאָר נישט פארבלייבן אין די פראָפעסיאָנעלע פאריינען צוזאמען מיט די סאָציאל־אָפּאָרטוניסטן. אָבער היינט מעג מען שוין שטרעבן צו פאריייניקן די זעלביקע פאריינען אפילו מיט כאדעקעס. נעכטן האָט מען געמעגט רעדן וועגן דיקטאַטור פון פראָלעטאַריאט, און היינט מעג מען שוין ארויסוואַרפן פון פארטיי־נאָמען „ארבעטער", כדי לייכטער ארומצונעמען דעם דאָרפישן קליין־בירגערטום, בפרט אויף די קרעסן. נעכטן האָט מען געמעגט שיטן פעך און שוועבל אויף יעדן נאציאָנאַליזם, און היינט מעג מען ווערן א פאטענטירטער פארבינדעטער פון קעמפנדיקן נאַציאָנאַליזם פון קעמאַל־פאשא אין טערקיי, פון די סין־פיינען אין אירלאנד, פון אבד־על־קרים אין מאראָקאָ, אָדער פון די כינעזישע סטודענטן. (דער קאמף קעגן דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג באַרעכטיקט נישט תמיד דעם סאָציאַליסט צו שליסן א בונד מיטן אונטערדריקטן נאַציאָנאַליזם. צום ביישפיל: די ציוניסטן אָדער לפחות קעמאל־פאשא). נעכטן האָט מען געמעגט זוכן א געמיינזאם „שטיקל וועג" מיט פאשיסטן און היינט מעג מען שוין זידלען די סאָציאַליסטן, אז זיי זיינען פארמאסקירטע פאשיסטן, מאָרגן וועט מען שוין פאָרלייגן די סאָציאַליסטן צו פירן צוזאמען דעם קאמף קעגן די פאשיסטן און איבער־מאָרגן — וועט מען ווידעראמאָל ענדערן דעם פראָנט.

מען וואָלט געקאָנט געבן ביישפילן אָן א סוף. די קאָמוניסטן מעגן אלץ. הייסן הייסט עס סטראַטעגיש מאנעווורירן. די דאָזיקע שיינע ווערטער ווירקן ווי א באַלזאם אויף דעם נישט־רואיקן רעוואָלוציאָנערן געוויסן פון א קאָמוניסט.

פון וואנען שטאמט דער דאָזיקער אומבאגרענעצטער אָפּאָרטוניזם? דאָס

איז אן אָפּשפּיגלונג פון דער לעבנס-נויטווענדיקייט פון סאָוויעט־רוסלאַנד אלס מלוכה. טשיטשערין מוז לאַווירן צווישן סקשינסקין און שטרעזעמאַנען. כדי צו באַקומען ענגלישע און פראַנצויזישע קרעדיטן, מוז מען זיין בייגעוודיק און עלאַסטיש אפילו אויפן חשבון פון קאָנסעקוועניץ. די נויט איז די מוטער פון דערפינדונגען. סאָוויעטן־רוסלאַנד בילדעט אויס דעריבער די קאָמוניס־טישע באַוועגונג לויט איר אייגענער געשטאַלט.

עס איז פּרינציפּיעל אַן אומזין אָפּצואַווארפן קאָמפּראָמיסן. אין פּאָלי־טישן לעבן איז א קאָמפּראָמיס פּונקט אזוי נויטווענדיק, ווי מיקראָבן אין אָרגאַנישן לעבן. עס זיינען אָבער פאַראַן נויטווענדיקע און שעדלעכע. די גאַנצע קונסט אין דער פּאָליטיק באַשטייט אין אונטערשיידן צווישן די און יענע.

פאַר קאָמוניסטן זיינען שעדלעך נאָר יענע קאָמפּראָמיסן, וואָס אַנדערע מאַכן. זייערע אייגענע זיינען שטענדיק בארעכטיקט צוליבן ציל, וועגן וועלכע זיי פאַרגעסן קיינמאָל נישט: איבערנעמען די מאַכט. אויב זיי האָבן אפילו א טעות, האָבן זיי פאַר זיך גענוג טאָלעראַנץ, כדי זיך נישט צו מאַכן קיין פאַר־וואורפן. מילא, איז נישט געלונגען!

דער עקשנותדיקער פאַרקוקן זיך אין איין ציל — איבערנעמען די מאַכט — איז א דריטער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון די קאָמוניסטן. עס איז נישט וויכטיק, מיט וואָס פאַרא מיטלען און וועגן, און אלץ איינס, וואָס עס וועט שפּעטער זיין, אבי גיך און א סך.

## 2. רעוואָלוציע און פרייהייט

די קאָמוניסטן געברויכן א זייער באַליבטן ארגומענט: אָדער — אָדער. זייער גאַנצע אַגיטאַציע־ליטעראַטור איז דורכגעדרונגען מיטן געדאַנק, אז נאָר פאַריינפאַכטע דערשיינונגען זיינען צוטריטלעך פאַר די באַגריפן פון דער מאַסע. זייערע לאָזונגען זיינען געוויינלעך פּרימיטיוו און האָבן א כאַראַקטער פון א רעקלאַמע. א גוטער קאָמוניסטישער אַגיטאַטאָר זאָרגט נישט וועגן דעם, צי ער זאָגט דעם גאַנצן אמת. ער באַנוגנט זיך נאָר מיט יענעם טייל פון אמת, וואָס זיכערט אים אויפמערקזאַמקייט און א דערפאָלג. די קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע שטרעבט איינצוּוואָרצלען אין די מאַסן עטלעכע פּרימיטיווע אַקסיאָמען, וועלכע סוגעסטיאָנירן זייערע אָנהענגער און מאַכן זיי ווידערשטאַנדס-פעאיק קעגן אלע אנדערע איינפלוסן.

דאָס איז קודם כל א פראַגע פון טאַקטיק. זי שטאַמט פון אבסאָלוטיסטישן קאָמוניסטישן אנטי־דעמאָקראַטיזם — זי שטיצט זיך אויף א פאַראַכטונג צו די מאַסן, אויף דער איבערצייגונג, אז די דאָזיקע מאַסן זיינען נאָר ליים, פון וועלכן מען קאָן אויסקנעטן כלערליי געשטאַלטן, — דאָס איז א מאַטעריאַל, פון וועלכן די עטלעכע קאָמוניסטישע משיחים וועלן זיין אימשטאַנד צו באַשאַפן א נייעם, העכערן טיפּ מענטשן — אין דער צוקונפט.

עס איז אמת, אז די קאָמוניסטן *וואָלטן געוואָלט* דעם דאָזיקן מענטשן־מאַטעריאַל ארומרינגלען מיט דעם גרעסטן מאַטעריעלן וואוילטאָג. זיי האָבן אָבער נישט קיין פאַרשטענדעניש פאַר די אינטעלעקטועלע און גייסטיקע פרייהייט, וואָס האָט אויך אזא גרויסן ווערט ווי דער וואוילשטאַנד (פאַר אנדערע האָט עס נאָך א גרעסערן ווערט). זיי שעצן נישט די דאָזיקע פרייהייט בנוגע די מאַסן, וועלכע זיינען נישט אימשטאַנד זי אליין זיך אויסצוקעמפן.

„אייגענע רעגירונגען זיינען בעסער, ווי גוטע רעגירונגען" — זאָגט אן ענגלישער ליבעראַל וועגן זיך און וועגן מענטשן, פרייע און גלייכע צו אים. אָבער דאָס שטערט אים נישט זיך צו באַנוצן מיט אויבער־מאַכט און געוואַלט, כדי די ענגלישע קאָלאָניעס זאָלן האָבן געזיכערט „גוטע, הגם נישט קיין אייגענע רעגירונגען". ער קוקט דאָך אויף די איינוואוינער פון די קאָלאָניעס ווי אויף עפּעס נידעריקערעס, וואָס איז נאָך נישט דערוואַקסן צום ניוואָ פון א בריט (ענגלענדער), וואָס איז נאָך נישט אימשטאַנד צו גניסן פון פרייהייט.

דאָס זעלביקע זאָגן די קאָמוניסטן. און פונקט אזוי האַנדלען זיי. אויך זיי זיינען טיף איבערצייגט, אז חוץ זיי איז קיינער נישט, אפילו פּראָלעטאַריער, נישט דערוואַקסן צו פרייהייט.

און מען קאָן נישט אָפּלייקענען, אז אין משך פון די לעצטע צען יאָר איז דאָס פרייהייט־געפיל אין א געוויסער מאָס אָפּגעטעמפּט. דאָס זיינען אזוי ווי אָפּקלאַנגען פון מיליטאַריזירן די נשמות, מיט וועלכע די גרויסע מלחמה האָט די מענטשן באַשאָנקען פון אינערלעכער געוואוינהייט צו געהאָרכן דער קראַפט.

אין המון וועקט זיך אָפּט אויף א שקלאַפן־אַטאַוויזם — ער בויגט זיך מיט הכנעה פאַר יעדן איינציקן, אין וועמען ער דערפילט א האַר. פון דאַנען שטאַמט דער דערפאָלג פון די קאָמוניסטן ביי צוויי פאַרשיידענע עלעמענטן: ביי מענטשן, וואָס וואָלטן געוואָלט הערשן איבער אנדערע און ביי מענטשן,

וואָס זיינען פאַרמאַטערט און ווילנלאָז און וואָלטן געוואָלט ענדלעך געפינען אַן אָפּרו אין פרעמדן ווילן, אין דער פרעמדער אָנשטרענגונג.

דער קאָמוניזם אין זיין איצטיקן צושטאַנד איז א דאָקטרין, וואָס איז נישט צוגעפּאַסט צו מענטשן, וואָס האָבן אין זיך א געפיל פאַר אמתער פרייהייט הן פאַר זיך, הן פאַר אנדערע. שיין שילדערט ראָמען ראָלאַן אין זיין „קלעראַמבאָ", ווי אזוי דער פירער און שעפער פון דער אנטי-מלחמה־באַוועגונג אין פראַנקרייך איז באַגייסטערט מיט די „מעכטיקע העקער", לענין און טראָצקי, ער פאַלט אָבער אריין אין א קאָנפליקט מיט דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, ווייל... ער האָט ליב די פרייהייט, די פרייהייט פון גייסט און געדאַנק.

* * *

מען וואָלט געקאָנט פירן א דיסקוסיע אויף דער טעמע, צי די רוסישע רעוואָלוציע האָט **געמוזט** ברענגען צום נצחון פון די באָלשעוויקעס מיט זייער אייגנאַרטיקער פּסיכיק און אידעאָלאָגיע. וויכטיקער איז אָבער די פראַגע, צי וועט די רעוואָלוציע אין אייראָפּע קאָנען גיין פּאַראַלעל מיט דער אנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער פרייהייט־אידייע. מענטשן, פאַר וועמען דאָס לעבן איז א שאַבלאָן, האָבן א גרייטע תשובה: אזוי ווי עס איז געווען, אזוי וועט זיין. ווער עס פאַרשטייט אָבער, אז דער מאַרקסיזם פאַרלייקנט דעם פאַטאַליזם, ווייס, אז אמתע פּאָליטיק הייסט פאָרמירן די געשעענישן. איבעריקנס, סאָוויעטן-רוסלאַנד איז א לעבעדיקער באַווייז, אז נישט נאָר דער שאַבלאָן באַשטימט די געשעענישן אין דער געשיכטע.

די הויפּט־זאַך איז, צי דער אַרבעטער־קלאַס וועט זיין אימשטאַנד צו שאַפן א האַרמאָניע און א צוזאַמענלעבן צווישן רעוואָלוציע און פרייהייט. נאָר די עסטרייכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט אין דער הינזיכט דערגרייכט גלענצנדיקע רעזולטאַטן, אָבער דערווייל מער קיינער נישט.

דער קאָמוניזם האָט שוין אַן אייגענע רוטין, אַן אייגענע אנטי־פרייהייט־טראַדיציע. דורך די קראַפט פון זיין עקזיסטענץ ווירקט ער אויף א סך רעוואָלוציאָנערן, וואָס פאַרמאָגן נישט דעם כח זעלבסטשטענדיק צו זוכן קאַמפּס־וועגן. אָבער אויב דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם וועט זיין אימשטאַנד אויסצוּוואַקסן איבער זיינע איצטיקע גרעניצן און צו ווערן די נשמה פון דער אַרבעטער-באַוועגונג אין אלע לענדער, — וועט ער אידעאיש באַזיגן דעם קאָמוניזם, מחמת ער רעפּרעזענטירט א העכערע פאָרם פון באַוואוסטזיין און פון פּראָלעטאַרישער, ממילא אויך מענטשלעכער קולטור.

דאָס איז נישט נאָר א פּראָגראם, נאָר אויך א פּאָליטישע אויפגאבע. ווען זי וועט דורכגעפירט ווערן, וועט ליקווידירט ווערן דער פּעריאָד פון שפּאלטונגען אין דער ארבעטער־באוועגונג, ווייל דער קאָמוניזם אָן אבסאָלוטיזם אונטערשיידעט זיך זייער ווייניק פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאליזם.

דאָס קאָן געשען, מחמת איצט ענדערט זיך כסדר די קאָמוניסטישע דאָקטרין. איר אבסאָלוטיסטישער כאראקטער אָדער איר יאקאָביניזם קאָן נישט אויסהאלטן דעם דרוק פון לעבן, וואָס פאָדערט די גרעסטע באַוועגונגס־פרייהייט און פרייע שעפערישקייט פאר י ־ ח י ד י ם , פון וועלכע עס שטעלט זיך צוזאמען די אַרבעטער-באוועגונג.

אין דער ארבעטער־באוועגונג דארף מען נישט נאָר צעשטערן. מען דארף אויך שאפן. די דאָזיקע שעפערישקייט אויף די געביטן פון געדאנק און טאַט באשטייט איצט קודם כל אין פאריייניקן דעם אקטיוון רעוואָלוציאָנערן מוט מיט דעם טיפן געפיל פון ווירדע און פון מענטשלעכער פרייהייט.

פון וו. אלטערס בוך „דער סאָציאליזם אין קאמף”, דערשינען אין ווארשע, אין יאָר 1927.

# די טאָפּלטע אוטאָפּיע

וואָס איז אזוינס „קבוצות"?

א גרופּע מענטשן, וואָס ווילן איינאָרדנען זייער לעבן אויף קאָמוניס־טישע יסודות. מען ארבעט צוזאמען, דער גאנצער פארדינסט גייט אין א געמיינזאמער קאסע, מען לעבט צוזאמען, מען עסט צוזאמען, אפילו די מלבושים זיינען געמיינזאמע. יעדער פאר אלע און אלע פאר יעדן. יעדערער ארבעט לויט זיינע מעגלעכקייטן און פעאיקייטן — און באקומט לויט זיינע נויטן און באדערפנישן. א נייער טיפּ פון מענטשלעכן לעבן, וואָס וויל אויס־מיידן אלע סאָציאלע אומגערעכטיקייטן, וואָס וויל געפינען אפילו א נייע פאָרם פון פאמיליען־לעבן, וואָס וויל פארזיכערן יעדן איינעם די ווייטגייענ־דיקסטע פרייהייט.

דאָס איז די טעאָריע. אזוי וואָלט געדארפט זיין. די פּראקטיק אָבער איז פארשידנארטיק. ס'זיינען פאראן קבוצות, הויפּטזעכלעך אין די שטעט, וואו דער גאנצער קאָמוניזם ענדיקט זיך מיט דער געמיינזאמער ארבעט ביי א שאָסיי, ביים בויען א הויז א. ד. גל. ס'איז אייגנטלעך בלויז אן ארטעל. אָבער ס'זיינען אויך פאראן קבוצות, וועלכע ווילן די טעאָריע דורכפירן אין לעבן מיט דער גרעסטער שטרענגקייט. דאָס זיינען על פּי רוב די לאנדווירט־שאפטלעכע קבוצות, קאָמוניסטישע קאָלאָניעס.

אויך אין די דאָזיקע קאָלאָניעס וועט איר טרעפן פארשידענע מינים. אין אייניקע פון זיי הערשט א שטרענגע דיסציפּלין; אנדערע ווידער זיינען געבויט אויף דעם אנארכיסטישן פּרינציפּ, אז יעדערער קאָן זיך טון וואָס ער וויל. אין די לעצטע דארף דאָס געפיל פון פאראנטוואָרטלעכקייט פאר־בייטן די אויסערלעכע דיסציפּלין.

דאָס אלץ איז שוין אמאָל געווען. די געשיכטע פון דער סאָציאליסטי־שער באוועגונג איז גענוג רייך מיט אזעלכע עקספּערימענטן. די קאָמונעס פון אָ א ו ע ן, פון קאבע, פון די רוסישע סעקטאנטן, פון די מארמאָנען אין

אמעריקע, פון פארשידענע אנארכיסטישע גרופּן אין מערב-אייראָפּע — האָבן געגעבן געגוג באוויזן, אז דער דאָזיקער וועג פון זוכן דעם גן-עדן אויף דער זינדיקער ערד פּירט אומפארמיידלעך, פריער אָדער שפּעטער, צו א ביטערער אנטוישונג. די היינטיקע ארבעטער־באוועגונג שטיצט זיך ניט אויף אוטאָפּישע עקספּערימענטן, נאָר אויף די מאסן-אקציעס פון דעם פּראָלעטאריאט און אויף דעם קאמף פאר דער פּאָליטישער מאכט. דער מאָדערנער סאָציאליזם האלט אזעלכע קאָמוניסטישע עקספּערימענטן פאר א צוועקלאָזע פארשווענ-דונג פון ענערגיע און אָנשטרענגונגען. פונדעסטוועגן יעדע פּראָבע באזונדער שטעלט מיט זיך געווים פאָר אן אינטערעס, ווי יעדע זאך, וואָס טרעט אָפּ פון דעם געוויינלעכן, גוט-באקאנטן, אויסגעטראָטענעם שאבלאָן.

דאָס אייגנארטיקע פון די קאָמוניסטישע קאָלאָניעס אין פּאלעסטינע באשטייט דערין, וואָס זיי שטיצן זיך אויף א פארצווייגטן אפּאראט און אויף דער פינאנציעלער קראפט פון דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע.

ס'באשאפט זיך א פּיקאנטע און קאָמישע לאגע. דער ציוניסטישער בורזשוי, וואָס איז מלא שנאה צו יעדן סאָציאליסטישן אויפטו אין דער אלטער היים, פינאנסירט און באזאָרגט מיט אלץ, וואָס איז נויטיק די... קאָמוניס-טישע קאָלאָניעס און דער נייער „נאציאָנאלער היים". און דער פּאלעסטינער-פרידלעכער קאָמוניזם (נישט צונויפמישן מיט דעם פּאָליטישן קאָמוניזם, וואָס איז פארגעשטעלט דורכן 3-טן אינטערנאציאָנאל!) בויט זיך רואיק און גע-מיטלעך אונטערן שוץ פון דער ענגלישער אָקופּאציע און אדאנק די בירגער-לעכע ציוניסטישע פאָנדן.

דער דייטשער ציון-סאָציאליסטישער שריפטשטעלער האָליטשער האָט דעם דאָזיקן פרידלעכן קאָמוניזם אָנגערופן מיטן נאָמען „חלוקי-קאָמו-ניזם". דאָס זאָל סימבאָליזירן די באציאונגען צווישן די קאָמוניסטישע קאָ-לאָניעס און דער אידישער בורזשואזיע.

איך האָב דעם איינדרוק, אז נאָך מער פּאסנד וואָלט געווען, דער נאָמען „דלות-קאָמוניזם". ער גיט דעם שליסל צו פארשטיין, פארוואָס דער „חלוקי-קאָמוניזם" האָט געקאָנט אנטשטיין.

וואָלט יעדער איינצלנער חלוץ, אָנקומענדיק קיין פּאלעסטינע, געווען איבערגעלאָזט אויף זיך אליין, וואָלט ער נישט געקאָנט לאנג אויסהאלטן. דער דלות, דער געוויינלעכער מענטשלעכער דלות, וואָלט אים צוגעדריקט און פאריאָגט פון לאנד. דער נאציאָנאלער מאָמענט אליין, פון שאפן א „אידישע היים", וואָלט נישט געקאָנט אים געבן די נויטיקע מוט און ענערגיע כדי דורכצוהאלטן. געמיינזאם אָבער איז פיל לייכטער אריבערצוטראָגן די

מאַטעריעלע נויט. די סאָציאַלע אוטאָפּיע שפּילט ביי געוויסע עלעמענטן אַ גרעסערע ראָלע, איידער די נאַציאָנאַלע אוטאָפּיע. און אַזוי איז געבוירן געוואָרן דער פּאַלעסטינער פרידלעכער קאָמוניזם.

געצוואונגענערהייט האָבן אויך די אָנפירנדיקע בירגערלעכע קרייזן פון די ציוניסטן באַשלאָסן מיטצוהעלפן די דאָזיקע „קאָמוניסטן". מיט וועמען פון זיי איך האָב נישט גערעדט, האָבן מיר אַלע דערקלערט, אַז זיי הויבן נישט אָן צו גלויבן אין דער צוקונפט פון אָט די קאָלאָניעס — נאָר אַז דאָס איז איצט דער איינציקער וועג עפּעס צו טון אין פּאַלעסטינע. ווייל אַ חוץ די דאָזיקע עלעמענטן איז נישטאָ קיינער, וואָס זאָל וועלן נעמען אויף זיך די שווערע אויפגאַבע פון פירן די קאָלאָניזאַטאָרישע טעטיקייט. זאָלן זיי זיך שפּילן אין קאָמוניזם, אַבי אונזערע צילן זאָלן דערגרייכט ווערן...

אַזוי אַרום לעבן בשלום דער קאַפּיטאַליסטישער ציוניסט מיט דעם ציוניסטישן קאָמוניסט. יעדערער פון זיי גלויבט, אַז ער נאַרט אָפּ דעם צווייטן, — און ביידע ווערן זיי אָפּגענאַרט דורך דער ווירקלעכקייט.

מען דאַרף אויך נישט פאַרגעסן, אַז די דאָזיקע צוויי גרופּעס זיינען פּאַקטיש טאַטעס מיט קינדער. און דוקא אין דעם ענגסטן זין פון וואָרט. די חלוצים שטאַמען אַלע, כמעט אָן אויסנאַם פון באַלעבאַטישע עלטערן. זיי האָבן וויי־ניק געמיינזאַמעס מיט דעם אידישן אַרבעטער, זיי קאָנען אים נישט און אינטערעסירן זיך ווייניק מיט אים, עס איז זיי מיאוס געוואָרן די בירגערלעכע סביבה, פון וועלכער זיי שטאַמען, אָבער זיי קענען זיך נישט צו־נויפגיסן מיט דעם פרעמדן פאַר זיי קלאַס, מיט דעם פּראָלעטאַריאַט. זיי זיינען פול מיט אידעאַליזם און איבערגעגעבנקייט, אָבער זייערע אידעאַלן טראָגן אַן אינדיווידואַליסטישן קליינבירגערלעכן כאַראַקטער. זיי זיינען אפשר דאָס בעסטע, וואָס די אידישע בורזשואַזיע גיט נאָך אַרויס פון זיך. אָבער זיי געהערן פּאָרט מיט אַ גרויסן טייל פון זייער נשמה צו דער דאָזיקער בורזשואַ־זיע. כמעט קיינער פון זיי האָט נאָך נישט פאַרברענט אינגאַנצן די בריקן, וואָס פירן צוריק צו זייער פאַרגאַנגענהייט. די בעסטע פון די חלוצים זיינען אפשר שוין נישט קיין בורזשויען, אָבער נאָך נישט קיין פּראָלעטאַריער.

צווישן די חלוצים זיינען פאַראַן פאַרשידענע שאַטירונגען. ס'איז מיר אויסגעקומען צו האָבן אַ שמועס מיט די מיטגלידער פון איינער אַ קבוצה. ס'איז געווען, אַגב, די איינציקע פאַרזאַמלונג אין פּאַלעסטינע, וואו כ'האָב זיך אַקטיוו באַטייליקט. איך וויים נישט, צי אַלע חלוצים זיינען ענלעך צו זיי, אָבער די דאָזיקע יונגע לייט זיינען מיר בפירוש געפעלן געוואָרן. איך האָב מיך געפילט צווישן זיי, ווי צווישן אייגענע.

ווייל איך מוז אייך זאגן, אז די דאָזיקע חלוצים זיינען בכלל קיין ציוניסטן נישט, מיינט נישט, אז איך מאך חוזק. בעת אונזער געשפּרעך האָבן זיי אלע אונטערגעשטראָכן, אז דאָס, וואָס בינדט זיי צוזאמען, איז נישט דער נאציאָנאלער מאָמענט („שאפן א אידישן ישוב״), נאָר דער סאָציאַלער מאָמענט — שאפן א נייע פאָרם פון לעבן. זיי זיינען געקומען קיין פּאלעסטינע צוליב דעם, וואָס דאָ האָבן זיי די מעגלעכקייט צו באפרייען זיך פון דער סביבה, פון וועלכער זיי שטאמען. וואָלטן זיך געשאפן בעסערע באדינגונגען אין אן אנדער לאנד, וואָלטן זיי אהין געפאָרן. זיי זיינען נישט קיין ציוניסטן, אפילו נישט קיין פּאלעסטינאָפילן, זיי זיינען סאָציאלע „וועגן-זוכער״. די סאָציאַלע אוטאָפּיע האָט דערשטיקט, פארשאָטן די נאציאָנאלע אוטאָפּיע.

איך האָב מיך געוווּנדערט: זייט איר טאקע אינגאנצן גלייכגילטיק צום נאציאָנאלן מאָמענט? איך האָב קוים געפּועלט, מען זאָל מיר נאָכגעבן, אז דאָס נאציאָנאלע צעמענטירט זיי, מאכט זיי לייכטער דורכצוהאלטן די שלעכטע צייטן. א יונגע עקסטרעמיסטקע מיט שיינע גרינע אויגן האָט אפילו דאָס געהאלטן פאר איבערגעטריבן.

נידער מיטן פיליסטער! — דאָס איז דער לאָזונג, וואָס האָט גלייך באשאפן א חברישע באציאונג צווישן דער דאָזיקער גרופּע און מיר. איך האָב נישט פארגעסן, אז זיי ווערן אויסגענוצט דורך דער ציוניסטישער בורזשואזיע ביי אונז אין לאנד קעגן דער ארבעטער-באוועגונג. אָבער זיי פּערזענלעך זיינען געוויס סימפּאטישער אין זייער אוטאָפּישן אידעאליזם, איידער די בורזשואזע זינדלעך, וואָס האנדלען מיט וואלוטע אָדער שפּעקולירן אויף אקציעס.

די יונגע לייט זיינען סימפּאטיש. אָבער א נייע פאָרם פון לעבן האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן צו שאפן. אפילו פאר זיך אליין. ווייל זייער קאָמוניזם פון געברויך געפינט זיך אין א טיפער סתירה מיט דעם אלץ-וואקסנדיקן אינדיווידואליזם פון דעם באמת „פרייען״ מענטשן. איינער פון די אָנפירער פון דער דאָזיקער יוגנט האָט מיר דערציילט, ווי אומדערטרעגלעך ס׳איז צו לעבן שטענדיק אויף די אויגן פון אנדערע מענטשן, נישט האָבן קיין איין מינוט פון איינזאמקייט, זיין שטענדיק אונטערוואָרפן א קאָנטראָל פון פופציק אויגן. „מיר זיינען אלע געוואָרן גייסטיק אויסגעשעפּט היסטעריש און נערוועז״. אָבער ער האלט דאָס פאר א נויטיקע און אומפארמיידלעכע זאך, כדי „צו פארניכטן אין די יונגע קאָלאָניסטן דעם אלטן איד״.

נישט אומזיסט האָט מען מיך פארזיכערט, אין דער צענטראלער קראנקן-קאסע, אז יעדער פון די דאָזיקע קבוצהניקעס נויטיקט זיך אין א סאנאטאָריע אויף א חודש צייט.

ס'איז דעריבער קיין וואונדער נישט, אז דער צוזאַמענשטעל פון די קבוצות איז מער אָדער ווייניקער אַ פּליסיקער. לאָמיר נעמען אַלס ביישפּיל די עלטסטע און די מוסטערהאַפטסטע פון זיי — דגניה.

זי האָט אַ גוט-איינגעאָרדנטע ווירטשאַפט מיט אַן אייגן געמויערט הויז, מיט אַ געהעריקן אינווענטאַר. דאָס עסן דאָרטן איז באַדייטנד בעסער, ווי אין די אַנדערע קבוצות. האָט מען מיר דאָרטן איבערגעגעבן צווישן אַנדערע פאָלגנדיקע פאַקטן:

אין פאַרלויף פון איר 13-יעריקער עקזיסטענץ איז דורך דער קאָלאָניע אַדורכגעגאַנגען 420 מענטשן. שוין נישט רעכענענדיק די יענע, וואָס זיינען אָפּגעוועזן אין איר ווייניקער פון 6 חדשים. צום מאָמענט פון מיין באַזוך איז געווען אין דער קאָלאָניע 48 מענטשן. צווישן זיי בלויז 3 פון די גאָר ערשטע גרינדער און בלויז 8 פון די ערשטע 40, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער קאָ-לאָניע אין פאַרלויף פון ערשטן יאָר. דורכשניטלעך קומט אויס, אז די קאָ-לאָניע האָט געביטן איר גאַנצע מיטגלידערשאַפט יעדע צוואַנציק מאָנאַטן. פאַר אַ פעסטער קאָלאָניזאַציע איז דאָס אַ צו-קורצער פעריאָד.

ס'איז אויך אינטערעסאַנט דער פאַקט, אז פון די דערמאַנטע 420 מענטשן איז אַ העלפט אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן, — וואַרשיינלעך, אַרויסגעפאָרן פון פּאַלעסטינע.

די נעגאַטיווע זייטן פון די קאָמוניסטישע קאָלאָניעס לאָזן זיך פילן, ווען מען פאַרבלייבט דאָרט אַ לענגערע צייט. פאַר אַ טוריסט אָבער, וואָס פאַלט אַריין אויף אַ טאָג אָדער צוויי, איז עס אַ גאַנץ אָנגענעמער אָפּרו נאָכן שטאָטישן לעבן. די קבוצות האָבן אַ רייע סימפּאַטישע מנהגים. אזוי למשל, אז אַ פרעמדער קומט אַריין און זעצט זיך צום טיש, באַקומט ער עסן צוגלייך מיט אַנדערע און קיינער פרעגט אים נישט, ווי ער הייסט און פון וואַנען ער קומט. קיין געלט פאַר עסן אָדער נעכטיקן נעמט מען נישט.

דער גרויסער פראַנצויזישער אַנאַרכיסט, געאָגראַף און אַטעאיסט, עליזע ר ע ק ל ו פלעגט אָפט פאָרן אָפּרוען זיך צו באַקאַנטע זיינע אין אַ קלויסטער. דאָרטן איז אַלץ געווען אזוי ווייט פון אמתן לעבן און פון דעם שווערן קאַמף, וועלכן ס'איז אים אויסגעקומען כסדר צו פירן! דער דאָזיקער קאָנטראַסט איז געווען פאַר רעקלון די בעסטע רפואה פון מידקייט און פאַר-מאַטערטקייט. אין די קאָמוניסטישע קבוצות אין פּאַלעסטינע האָב איך מיך דערמאַנט וועגן ר ע ק ל ו ס קלויסטער...

פון וו. אַלטערס רייזע-בריוו א. נ. „דער אמת וועגן פּאַלעסטינע“, דערשינען אין פאַרלאַג „די וועלט“, וואַרשע, 1925.

# פראנקרייך וועגן מלחמה

מען פרעגט מיך:

נו, וואָס זאָגט אויסלאַנד וועגן די אויסזיכטן אויף מלחמה?

באמת, איך ווייס נישט, וואָס זאָגט „אויסלאַנד". ס'איז מיר אָבער אויסגעקומען צו הערן פאַרשידענע מיינונגען אין פראַנקרייך. און וועגן דעם וויל איך טאַקע דערציילן.

ס'איז דאָ צוערשט דער „דורכשניטלעכער פראַנצויז". אָט דער זעלבער, וואָס האָט ממש געציטערט פאַר שרעק פאַר דער מלחמה אין די באַריכטע סעפּטעמבער-טעג. ער איז נישט קיין גרויסער מבין אויף פּאָליטיק. ער לעבט מיט שטימונגען.

היינט, דוכט זיך, איז זיין שטימונג גאָר אַן אייגנאַרטיקע. ער איז פּשוט מיד געוואָרן פון דעם אומאויפהערלעכן שרעקן זיך פאַר מלחמה. געווג, מען קען זיך נישט אַזוי כסדר פאַרביטערן דאָס לעבן. יאָ קריג, נישט קריג, אָבער דערווייל מוז מען לעבן און זיך משמח זיין. זאָל שוין די רעגירונג טראַכטן און זאָרגן. זיי דאַרפן, אין דער רעגירונג, ווייסן מסתמא, וואָס זיי האָבן צו טון. ווערט קומען צו אַ מלחמה, איז פאַרפאַלן, וועט מען נעמען די ביקס און מען וועט גיין, וואו מען הייסט. אָן פרייד, אָן ענטוזיאַזם, אָבער מיטן ווילן צו זיגן. אָבער אין טיפעניש פון זיין האַרץ גלויבט שוין נישט דער „דורכשניטלעכער פראַנצויז", אַז ס'זאָל קומען צו אַ קריג. אַ מענטש גלויבט געוויינלעך אין דאָס, וואָס גלוסט זיך אים צו גלויבן.

איז טאַקע געפאַלן דער אינטערעס צום פּראָבלעם פון קריג. ס'קומען ווייניק מענטשן אויף מיטינגען, ס'האָט אויפגעהערט יעדע מין פּאַניק. סוף-כל-סוף איז דאָך אַ מענטש באַשאַפן געוואָרן צו טראַכטן וועגן לעבן און נישט וועגן טויט.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, גאַר אַנדערש איז עס אין די קרייזן פון „פּראָ-פּעסיאָנעלע" פּאָליטיקער. דאָרט בלייבט דער פּראָבלעם פון שלום אָדער מלחמה דער צענטראַל־פּונקט, וואָס שלינגט איין די גאַנצע אויפמערקזאַמ-קייט. פון דעם שטאַנדפּונקט ווערן באַטראַכט אַלע איבעריקע פּראָבלעמען סיי פון אויסערלעכער סיי פון אינערלעכער פּאָליטיק פון פראַנקרייך.

ס'איז מיר אויסגעקומען צו רעדן וועגן דעם דאָזיקן ענין מיט אַ רייע אָנגעזעענע פראַנצויזישע פּאָליטיקער, הויפּטזעכלעך — אָבער נישט אויס־שליסלעך — פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. איך וויל דאָ איבערגעבן אין קורצן זייערע מיינונגען.

אָט איז אַ מענטש, וואָס שפּילט אין לעבן פון פראַנקרייך אַן ערשטראַנגיקע ראָל. ער האָט פאַרנומען אין דער פאַרגאַנגענהייט איינע פון די וויכטיקסטע פּאָזיציעס אין דעם לעבן פון פראַנקרייך. אויך איצט איז זיין אויטאָריטעט אומגעהויער גרויס. זיין מיינונג לאָזט זיך קאָנצענטרירן אין דריי זאַצן:

„איך בין זיכער, אַז פראַנקרייך און ענגלאַנד וועלן האַלטן זייערע פאַר־פּליכטונגען בנוגע פּוילן, איך גלויב, אַז די אונטערהאַנדלונגען מיטן ראַטן־פאַרבאַנד וועלן זיך ענדיקן פּאָזיטיוו, און איך מיין, אַז קיין מלחמה וועט אין די נאָענטסטע חדשים נישט זיין."

ס'וואָלט געווען צו לאַנג איבערצוגעבן דעם גאַנצן פאַרלויף פון אונזער שמועס. אָבער איין פּרט פון געשפּרעך לוינט זיך פאַרנאָטירן.

אויף מיין פראַגע, פאַרוואָס מיינט איר, אַז צו קיין מלחמה וועט נישט דערגיין, האָט מיין אינפאָרמאַטאָר געענטפערט:

„ווייל היטלער האָט נישט קיין שאַנסן איצט צו געווינען אַזאַ מלחמה. ווייל סיי פראַנקרייך, סיי ענגלאַנד מאַכן אַלע נויטיקע צוגרייטונגען, כדי ער זאָל נישט קענען דורכפירן קיין „בליץ־אָפענסיווע". צי ווייסט איר, למשל, אַז פראַנקרייך פירט אַדורך אַ טיילווייזע מאָביליזאַציע, וואָס פאַרדאָפּלט די צאָל פון אירע סאָלדאַטן אונטערן געווער? צי ווייסט איר, אַז ענגלאַנד פירט אין די חדשים אויגוסט און סעפּטעמבער אַדורך אַ פולשטענדיקע מאָביליזאַציע פון איר פלאָט?.."

איך פרעג:

— צי זיינען די דאָזיקע ידיעות פאַרטרויליך?

באקום איך אן ענטפער:

„ניין. גיכער פארקערט. מיר זיינען פאראינטערעסירט, אז די גאנצע וועלט זאָל וויסן, אז כאָטש מיר ווילן נישט קיין מלחמה זיינען מיר אָבער גרייט צו ענטפערן אויף יעדע פראָוואָקאציע. א צווייטער מינכען איז נישט מעגלעך...”

איך גיב אייך איבער די דאָזיקע מיינונג מיט דער באוואָרעניש, אז כאָטש איך האָב גרויס אכטונג פאר דעם מענטשן, וואָס האָט זי ארויסגעזאָגט, אָבער... ס'איז פאָרט בלויז זיין פערזענלעכע מיינונג. און ס'איז פאָרט א מענטשלעכע זאך צו גרייזן, פאלש אָפּצושאצן א געגעבענע סיטואציע. גיי טרעף אויף זיכער, וואָס וועט טאָן היטלער! אָדער גיי גאראנטיר, אז טשעמבערליין וועט אויסהאלטן אין זיין נייער ראָל פון באקעמפער פון פאשיזם!

די וועלט איז באמת היינט צו קאָמפּליצירט, מען זאָל קענען מיט זיכערקייט פאָראויסזאָגן, וואָס וועט געשען מאָרגן. ס'איז אפילו שווער געווי פעסט־צושטעלן די וואַרשיינלעכקייט פון דער אָדער אנדערער דערשיינונג.

* * *

די מיינונג, אז צו קיין מלחמה וועט נישט דערגייען, איז גאנץ פארשפרייט צווישן די פאָליטיקער אין פראנקרייך. אָבער גלייכצייטיק האלט מען דאָ, אז טאָמער וועט יאָ קומען צו א מלחמה, וועט זי זיין צוליב דאנציג.

און דאָ האָט זיך אין פראנקרייך געשטעלט די בארימטע פראגע: „שטארבן פאר דאנציג”?

איך מוז פעסטשטעלן, אז נאָר א גאָר קליינע צאָל פראנצויזישע פּאָליטיקער שטעלן אזוי די פראגע. אייגנטלעך זאָגט עס אָפן בלויז איין אָנגעזעענער פּאָליטיקער, דער אמאָליקער שטערן פון „נעאָ-סאָציאליזם” — מארסעל דעא. ביז איצטער האָט אים קיינער נישט אונטערגעהאלטן עפנטלעך.

ווייל אלע פארשטייען, אז ס'גייט לחלוטין נישט וועגן „דאנציג”, נאָר וועגן דער הערשאפט פון היטלערן אין מזרח־אייראָפּע און שפּעטער איבער גאנץ אייראָפּע.

איינער פון די קליגסטע פראנצויזישע פּאָליטיקער האָט מיר דערביי דערציילט:

„איך פארשטיי, אז היטלער וויל פארכאפּן גאנץ מזרח־אייראָפּע אָן א

מלחמה. ער איז אָבער באַגאַנגען אַ גרונט-פעלער. ער האָט פריער פאַרנומען פּראָג, און שפּעטער געוואָלט פאַרנעמען דאַנציג. דאָס איז פאַר אים פאַטאַל. ווען ער וואָלט צוערשט זיך גענומען צו דאַנציג, וואָלט גאַנץ אייראָפּע געבליבן גלייכגילטיק. מילא, — וואָלט מען באַטראַכט — נאָך אַ דייטשע שטאָט קערט זיך אום צו דייטשלאַנד. אָבער נאָך פּראָג, איז עס שוין אוממעגלעך. דער אָל איז אַרויס פון זאַק."

איז שפּעטער דער זעלבער מאַרסעל דעא אַרויס מיט אַ צווייטן אַר-טיקל, וואָס טראָגט דעם קאָפּ: „אונטערהאַנדלען וועגן דאַנציג". ער מאַכט שוין דאָרט שלום מיטן געדאַנק, אַז צוליב דאַנציג קאָן אויסברעכן אַ וועלט-מלחמה. אָבער, זאָגט ער, לאָמיר פּרוּוון זי אויסמיידן דורך אונטער-האַנדלונגען.

דאָ געפינט שוין דעא אַ פיל גרעסערע צאָל אָנהענגער. אדרבא, פאַר-וואָס זאָל מען נישט אונטערהאַנדלען? אפשר וועט מען פאָרט קומען צו אַ טאָלק און מען וועט ראַטעווען מיליאָנען מענטשלעכע לעבנס און די גאַנצע מענטשלעכע קולטור.

און באמת, ווער קען דען זיין קעגן אונטערהאַנדלונגען? אין וואָס-זשע באַשטייט דער נייער אויפטו פון דעאַ?

אין אַ קלייניקייט... ער באַשטייט דערין, אַז ער זאָגט בלויז די ערשטע העלפט פון זיין געדאַנק. און דער געדאַנק איז: לאָמיר אונטערהאַנדלען אָנ-שטאָט צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. בעת די גרויסע מערהייט פון דער פראַנ-צויזישער עפנטלעכער מיינונג זאָגט פאַרקערט: מיר זיינען גרייט אונטער-האַנדלען אָבער בתנאי, אַז מיר זאָלן זיין אַנטשלאָסן שטעלן אַ ווידערשטאַנד דעם היטלערישן דראַנג נאָך מאַכט.

ס'איז דעריבער קלאָר, אַז „אונטערהאַנדלען" קען האָבן פאַרשידענע טייטשן. ביי דעאַ הייסט עס נאָכגעבן היטלערן, קאַפּיטולירן. ביי די אַנדערע — פעסטשטעלן, אַז אַזוי ווייט גייען מיר און ווייטער נישט. קאַפּיטולאַציע אָדער ווידערשטאַנד — דאָס איז אייגנטלעך דער אמתער סכסוך צווישן די אָנהענגער פון דעאַ און דער גרויסער מערהייט פון דעם פראַנצויזישן פאָלק.

אַ באַזונדער קאַפּיטל פון דעם זעלבן ראָמאַן איז די באַציאונג פון די פראַנצויזישע פּראָלעטאַרישע טוער צו דעם פּראָבלעם פון מלחמה און שלום.

„נייע פאָלקסצייטונג", וואַרשע, דעם 28-טן יולי 1939.

# די סיורפריזן

די געשיכטע גרייט אונז צו איין סיורפריז נאָכן צווייטן.

מיט א פּאָר חדשים צוריק האָט מען געמיינט אויף זיכער:

אויב ס'וועט קומען צו א וועלט-קאטאסטראָפע, וועט דאָס זיין ארום דעם ענין — דאנציק.

און מיט אמאָל האָט זיך דער ברען-פּונקט איבערגעטראָגן ווייט, ווייט אויף מזרח, צו די כינעזישע פּאָרטן אויף דעם אטלאנטישן אָקעאן.

דאָס יאפּאנישע מיליטער האָט דאָרט אָנגעגריפן אויף א ברוטאלן אופן די ענגלישע קאָנצעסיעס, שטעלט אָפּ ענגלישע שיפן, רעכנט זיך נישט מיט די ענגלישע אינטערעסן.

און פון טאָג צו טאָג ווערט די לאגע דאָרט אלץ שארפער. צוערשט האָט מען דאָרט אויסגעטאָן נאקעט בלויז די ענגלישע מענער, איצטער איז שוין דאָס געשען מיט אן ענגלישער פרוי. אָט אזוי, אין מיטן גאס, פאר די אויגן פון המון, כדי עפנטלעך חוזק צו מאכן פון די ענגלענדער.

און ענגלאנד האלט נאָך ביי איין... דערקלערן, אז מסתמא וועט זיך אלץ ענדיקן אין אָרדענונג. דאָס שטאָלצע ענגלאנד לאָזט די יאפּאנער א'מבא-שטראָפט שעדיקן זיינע מאטעריעלע אינטערעסן און זיין פרעסטיזש. דער-ווייל, יעדנפאלס.

דאָס איז אויך אן אומדערווארטעטער סיורפריז.

אָבער דאָס איז נאָך נישט אלץ. פלוצים דערוואוסט זיך די וועלט, אז זייט זעקס וואָכן, פון דעם 10-טן מאַי אָן, קומען פאָר ביי די גרענעצן פון מאָנגאָליע בלוטיקע שלאכטן צווישן יאפּאן און ראטן-פארבאנד. צענדליקער עראָפּלאנען (די יאפּאנער זאָגן הונדערטער) זיינען שוין אראָפּגעשאָסן גע-

װאָרן, הונדערטער מענטשן זײנען שױן געהרגעט געװאָרן. די גאַנצע זאַך האָבן בײדע צדדים געהאַלטן בסוד ביז... די אַל איז פּאַרט אַרױס פֿון זאַק.

די יאַפּאַנער דערצײלן, אַז זײ זײנען אַרױס פֿון אַט די שלאַכטן אַלס זיגער. די סאָװעטישע קװעלן גיבן אָן אַ פּונקט פאַרקערטן רעזולטאַט. בײדע צדדים באַרימען זיך, אַז זײער מיליטער און לופט-פלאָט שטײט העכער פֿון דעם קעגנערס. װאָס ס'איז דער אמת, איז דערװײל אומבאַװאוסט.

* * *

אָט דאָס אַלץ זײנען פאַקטן — סיורפּריזן. און איצטער לאָמיר פּרואװן זײ צו פאַרשטײן.

דער גרויסער פראַגע-צײכן — דאָס איז יאַפּאַנס פּאָליטיק. זי האָט הײנט אין כינע אַ מיליאָן סאָלדאַטן. אירע ביז־איצטיקע פאַרלוסטן אין טויטע און שװער־פאַרװאונדעטע דערגרײכן ביז אַ האַלבן מיליאָן מענטשן. איר פּי- נאַנציעלע און עקאָנאָמישע לאַגע איז אַ שװערע. קײן אויסזיכטן אויף אַ שנעלן שלום אין כינע זײנען נישט פאַראַן...

איז דװקא אין אַזאַ מאָמענט פּראָװאָצירט יאַפּאַן כמעט די גאַנצע װעלט. סײ ענגלאַנד מיט פראַנקרײך, סײ דעם ראַטן־פאַרבאַנד און מסתמא אױך די פאַרײניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע. יאַפּאַן באַדראָט אײנע אַלײן אַלע גרעסטע אימפּעריעס פֿון דער װעלט צוזאַמען.

— װאָס איז דאָס? אויסגערעכנטע, דורכגעטראַכטע געװאַגטקײט, אָדער — משוגעת?

מיט יעדער דיקטאַטור טרעפט סוף-כל-סוף, אַז אין איר פאַרריסנקײט און גרויסקײט־שגעון דערשאַצט זי נישט די כוחות פֿון קעגנער. דאַמאָלס פאַרװאַנדלט זיך דער פאַלשער חשבון אין אַ — משוגעת. דאַמאָלס קומט דער מאָמענט פֿון שטראָף און נקמה.

צי האַלט שױן די יאַפּאַנישע דיקטאַטור בײ אָט דעם מאָמענט?

דאָס װעט אונז באַװײזן די נאָענטסטע צוקונפט.

* * *

ס'איז באַװאוסט, אַז יאַפּאַנס חשבון שטיצט זיך אויף... דער „אַקס" בערלין—רױם. פאַר אונז, פּשוטע מענטשן, באַדײט דאָס, אַז דער געשפּענסט פֿון אַן אײראָפּעאישער מלחמה האָט שױן פאַרשפּרײט זײנע שװאַרצע פליגלען

אויך אויף דעם אזיאטישן קאָנטינענט. און ס'איז שוין אבסאָלוט זיכער, אז אין דער נאָענטסטער מלחמה וועלן אויך ארייננעצויגן ווערן סיי אויסטראַליע, סיי דער גרעסטער טייל פון אפריקע. און ס'איז א ספק, צי אמעריקע וועט קענען בלייבן אין דרויסן.

מען האָט זיך פריער געשראָקן פאר אן אייראָפּעאישער מלחמה. איצטער מוז מען שוין מורא האָבן פאר א וועלט-מלחמה.

די כוחות פון אימפּעריאַליזם און פאשיזם שטויסן די וועלט צום אָפּגרונט.

די איינציקע האָפענונג פארבלייבט, אז די כוחות פון סאָציאַליזם וועלן צוגרייטן פאר דער וועלט א נייעם סדר.

„נייע פאָלקסצייטונג", ווארשע, דעם 28-טן יוני 1939.

